# דער
# קאיידאנער עלוי

נאך מין נוסחא הייסט דאס

א ערצאהלונג.

נאך דער נוסחא, פון שמ"ר זלבת דילי' הייסט דאס

## א ראמאן

פאן

**ש. וואלצאנאק.**

# ווילנא


שנת תרנ"ז לפ"ק

КАЙДАНЕРЪ ИЛУЙ.

Кайданскій геній. Разсказъ С. Вольченка.

ВИЛЬНА.

Типографія Розенкранца и Шриттетцера,

на Лидскомъ переулкѣ, домъ № 598/13

1896.

# אלעס פאר רעדע.

שוועער משונה שווער צו שרייבען א ווערק, פאר יודישע לעזער פון א ריכטיגע בילד, געגעצט ער, ווי א קלויזניק פון א פריצעשען מאכל, זיין השגה איז אסך פראסטער. דער לעזער זוכט א ראמאן, קודם כל א ראמאן זאל זיין, מיט פלאמענדע ליבע, מיט אומגליקען צו דער ליבע, מיט אללע זיבען זאכען, אנב שאדעט ניט זאגט ער א צוויי דריי, אדער לכל הפחות איין מערדער מיט א רעכט מסירה'לע, אזוי אז גאר א פיינער יוד, זאל פלוצים ברעכען רוק און לענד, פאר וואס ניט, וועמען ארט דאס; ווער שמועסט אז גאר אין פלוג א קליין מענטשעלע, אט למשל, א דרדק מלמד, ווערט פון העלער הויט א „וואייענער דאקטאר" דאס הייסט טאקע א ראמאן! הכלל, אז מען קויפט שוין א ראמאן זאל זיין לכל הפחות א רעכט ביסעל פאר פלאנטערנעס מיט א משונה'דיגע פאר דרייענער דאס הייסט. צום סוף זאל עפעס ארוים שפרינגען אזא ציקאווע פארלייפענעס די האר זאל זיך שטעלען קאפויר, אט דאס איז א "ראמאן„ — היינט ניי רייד איין אונזערע יודישע זשארנאן לעזער, אז צו אזעלכע פאר פלאנטערנעסען דארף מען לחלוטין קיין טאלאנט ניט. והראיה, אלע חול המועד פסח און סוכות. ווערען די בוך הענדלער פאר דולט פון דיא שניידער יונגלעך, וואס האבען דורך גילעזען שמ"ר'ן מקצה לקצה, און גאט האט זיי גיהאלפען אליין אן פלאנטען גאר א נישט קשה'דיגען ראמאן. — וואס זאל אבער טאן דער ארימער שרייבער, וואס פילט אין זיך יא א פונק פון דאס הייליג פייערעל וואס הייסט „טאלאנט", ער וואלט נעבעך גערען פטור צו ווערען פון אזא נישט ווערדיגע סחורה. זי לאזט אים אבער ניט רוהען, ווי א פאר ליבטע „מוזע", היינגט זי אים אפ'ן האלדז, שטופט אים אונטער די האנט, שעפצעט אים אפי'ן אויער, ווע! האב רחמנות. פלאנטע ניט, גיב

ריכטיגע בילדער פון יודישע לעבען, בילדער פון דער נאטור, דוא שרייב נאר, אונ איך וועל דיר שוין העלפען . . . אזוי בעט זיך דער טאלאנט פון איין זייט, אונ פון דער צווייטער זייט שטייט דער בוך האנדלער מיט דיא עטלעכע רובעל אין האנט אונ טענות פאר זיך, וואס טייג מיר זאגט ער דיין טאלאנט, מיר זעהען דאך די גליקען וואס ספעקטאר מאכט מיט זיין זשורנאל, דארט איז שוין גינוג טאלאנטען. אונז ברודער גיב א ראמאן. פיהר צוזיף דעם פרייסעשען גרענגעץ מיט דעם כותל מערבי נאר זאל זיין ציקאוועדיג גוט פאר פלאנטעט אונזערע לעזער דארפען קיין מאנדלעך ניט, פאר פיר גראשען א פונט באקסער, אבער זאל זיין וואס צו זעהען, דער פאר צאהלען זיי געלט . . . געלט! א שפאס געלט! אונ דער טאלאנט דארף קיין געלט ניט? דעם כבוד פון זשארגאן איז ער מוחל פאר די שניידער יונגען . . . אלזא ווי מאכט מען דא אזוי, אז דער טאלאנט זאל רוהיג זיין, אונ די בוך הענדלער זאלען צופרידען זיין, האבען מיר גיוונסען, אונזער זיידענס ר' מענדלי מוכר ספרים'ס מיטעל. בילדער זאגט ער שמעקט דיר ניט, נא דיר ברודער, אף טרערע! ויין זיך אוים גיס מיט טרערען, מהיבא תיתא! וואס זאל איך דיר זשאלעוועגען אין מיין ערציהלונג איז אויך דא פאר ווייך הערצער גינוג טרערען, פאר ליבענדע הערצער גינוג ליבע. פאר פריילכע הערצער וואס האבען ליעב פאר פלאנטענעס. האב איך צו גיפלאנטעט אביסעל חסידים אפיקורסים, קיין שריפות מיט וואייענע דאקטורים איז נאר ניטא, צינדען יודישע הייזער צו ליב דעם לעזער בין איך כלל ניט מחויב אונ א יודען איז ביא היינטיגע צייטען שווער צוא ווערען א וואייענער דאקטאר, אבער אויסער דעם, איז הכל זיך וויא דער סדר איז . . .

**המחבר.**

גידיינקט ווער פון אייך דעם קאיידאנער עלוי? אייך איז אמת שווערליך צו גידיינקען. דאס איז שוין אמת א צייט מיט יאהרען, נאר אין יענע צייטען האט מיט אים גישטורימט די וועלט. אונ ער איז באמת גיוועזן א צאצקע; גינוג גיוועזן, א קוק צו טאן אויף זיין העכסט אדעלע, זילבער ווייסע גיזיכט, אויף זיינע משונה גרויסע שווארצע אויגען, אין וועלכע ס'האט גילויכט, איין אוננאטירליכער פייער. אויף זיין שטיל בעזאנדערער נאנג, אויף זיין לאנגזאמען שאקלען זיך ביי'ם דערציילען עפעס, מען האט בפועל ממש איין אויג ניט געקאנט אראפ נעמען פון אים, זיין שטימע האט אזוי מילד אונ זיס גיקלונגען, אז מען האט זיך מעהר צו געהערט צו זיין קול, ווי צו זיינע ווערטער. ניכט אומזיסט פלעגען די קיידאנער ווייבער ארוים לייפען זעהן דעם עלוי, בעת ער גייט אין שול, ניט אומזיסט פלעגען דיא קיידאנער מיידלאך ביי'ם בעגעגענען אים, אפקערען האסטיג דיא קאפ, וויא יעדערער וואלט זאגען „איך ווער נאר א האר ניט נתפעל". ניט אומזיסט האט זיך ענדליך דער טאטע זיינער „אבינדור דער שוחט" גיפילט, וויא א יוד ביא א מיליאן איינענס. ווייל ווי ער אליין, זא גלייך אללע קיידאנער, האבען געוואוסט, אז שלמה'לע, איז די קריין, די שפיץ פאן פון שטעטיל.

– דער קיידאנער רב, פלעגט אים שטארק מקרב זיין. אלע נאכ'ן דאווענען, א גלעט טאן ביי'ם בעקעל, אונ פרעגען אים, וועלכע מפרשים לערנט ער, איצט דיא רעבעצען האט נאר דיא נשמה גילאזען נאך אים, אונ האט שוין אויף אים בעצייטען גיגליקט ווי אויף איהר איידעם, פאר דער מזינקע. הכלל יעדערער האט א זכייה גיהאט ריידען עטליכע ווערטער, דורך גיין זיך שפאצירען.

אונ פַאר בְּרֵיינְגֶען מִיט דֶעם עָלוּי. וֶוער שְׁמוּעֶסְט זַיינֶע חֲבֵרִים, דִי קֵיידַאנֶער יוּנְגְלֶעךְ. הָאבֶּען גִיפִּילְט אַזַא בִּטוּל, קֶענֶען אִים, אַז ווִי עֶר פְלֶעגְט נָאר אַרַיין אִין שׁוּל, הָאט שׁוֹין יֶעדֶער פוּן זֵיי אַרָאפּ גִילָאזְט דֶעם קָאפּ. ס'הָאט עֶפֶּעס אוֹיס גִיזֶעהֶען, ווִי אַיין עֶלְטֶערֶער פוּן זֵיי, ווִי דֶער טַאטֶע זֵייעֶרֶער, וָואלְט אַרַיין גִיגַאנְגֶען.

— נָאר פְּלוּצִים נָאר אוּם גִירִיכְט, הָאט דֶעם מָאהְל אוֹיךְ גִיטְרָאפֶען אַזַא מְאוּסֶה סִיבָּה מִיט דֶעם קֵיידַאנֶער עָלוּי אַז גַאנְץ שְׁטֶעטִיל הָאט נָאר גִיגְלָאצְט מִיט דִי אוֹיגֶען אוּנ גִיקְנֵייצְט מִיט דִי פְּלֵייצֶעס ווִיא אַ גִלְגוּל רִ"ל וָואלְט פְּלוּצִים אַרַיין אִין אֲבִיגְדוֹר דֶעם שׁוֹחֵט. — אִיז גֶעבֶּעךְ אוּם גֶעגַאנְגֶען שְׁוַוארְץ ווִיא דִי עֶרְד. אוּנ הָאט קֵיינֶעם גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען נִיט גִיקָאנְט קוּקֶען. גְלַייךְ ווִיא עֶר וָואלְט בֶּאֱמֶת דָא נִיט לַאנְג פַאר שְׁטִיפְט אַ מְאוּסֶה מַעֲשֶׂה. אוּנ ווֵייסְט אִיהְר וָואס דִי גַאנְצֶע גְזֵירָה אִיז גִיוֶועֶן... נָאר נֵיין, אַזַא נִישִׁיכְטֶע דֶער צֵיילְט מֶען נִיט ווִיא אַ בָּבָא מַעֲשֶׂה, דָא מוּזֶען שׁוֹין דִיא הֶעלְדֶען אַלֵיין רֵיידֶען, אוּנ עֶסֶקֶען. אוּנ לָאזֶען מִיר דִיא אַלְטֶע רָאמַאנִיסְטֶען עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אָן גִיהֵייבֶּען מַיין עֶרְצֵיהְיילוּנְג מִיט "שִׁילְדֶערְעֶן„ אוּנ עֶנְדִיךְ זִיא מִיט פֶּערְזָאנֶען. אָט אַזוֹי אִיז מַיין נוּסְחָא אִין שְׁרַייבֶּען.

## 2.

אֲבִיגְדוֹר דֶער שׁוֹחֵט, לֵייפְט אוּם אִיבֶּער'ן שְׁטוּבּ, אוּנ פָּאכְט דִיא יַארְמֶעלְקֶע אִיבֶּער'ן קָאפּ. חַנָה דִיא שׁוֹחֵט'קֶע, זִיצְט אִין אַ ווִינְקֶעלֶע, אוּנ מַאכְט אַ זָאק. נָאר דִיא שְׁפִּיזְלֶען. פַאלֶען בַּייא אִיהְר עֶפֶּעס דֶעם מָאהְל פוּן דִיא הֶענְט אַרוֹיס, אוּנ קָאן בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט חַאפֶּען, דִיא אַרָאפּ גִילָאזְטֶע אֵיינְלֶעךְ.

— גְוַואלְד אֲבִיגְדוֹר, אִיךְ קָאן שׁוֹין נִיט זֶעהֶען, ווִי דוּ רֵייסְט

אַיין זיך אונ דאס קינד דעם געזונט, וואס מאכט דאס אויס? וואס איז די פעולה פון דעם שלאגען? ער וועט שוין בעסער ניט ווערען! טאקע נאר וויא א גזר מן השמים, מיר זיינען ניט ווערט געוועזען ביי נאט דעם נחת, א בייזע עין הרע האט איהם אויף גענעסען.

– וואס דער צוילסטו מעשיות, „עין הרע„ געשווארץ האט איהם גיקיילעט, אפ גיקיילעט זאל ער ווערען פון גאט, וויא ער האט מיר דאס קינד גיפטר'ט, ווייסטו, איך גייא ארויס פון א כלי, אזא רציחה פאר לייפט ניט אין א מדינה, איך זאג, ער האט דער פון כבוד צוא פרנסה, גלאט אזויא אין עוכר ישראל, א טיטוס אונ געננג.

– וואו איז דיינע אויגען פריער געוועזען? צוא וואס האסטו דער לאזען, ער זאל א מחותן ווערען מיט דער קליפה, ביי וועמען מאנסטו?

– הייבט זיך אן קשיות, וועד האט זיך גיזאלט ריכטען אויף אזא אומגליק? איך וועה ער איז איהם מקרב, מהיכא תיתא, א גביר איז ער דאך, ער שיינקט איהם אמאהל א מתנה, איז וואס זאל איך קלערען, א נייס איז דאס, אז אללע האבען איהם ליעב, זאל מיר נאר ארויף אויפ'ן זינען, אז ער פירט איהם פון וועג אראפ, וועד זאל פאלען דארויף, אז ער סמ'ת איהם דארט מיט די ביכלעך מיט זיינע? אך! איין גיזונקען זאל ער ווערען, איך קוק אויף דאס קינד, אונ די נאל פלאצט אין מיר, נאר א תיפך, קין דוגמא ניט, יעדערער שטעכט מיר דיא אויגען, יעדערער פרעגט וואס איז דאס? נוא רשע אויף דעם אונגליק האב איך זיך גאר ניט גיריכט.

– אך! אך! אך! האט חנה א שווערען זיפץ גיטאן אונ האט זיך אן גיהאפט באם הארצען, דיא זאך, איז גאר ארויס גיפאלען

פון איהרע הענט, זיא האט פאר דעקט דיא געזיכט מיט ביידע הענט, אונ האט אויס גיבראכען א גיוויין, ווי לעבען איהר וואלט זאל נאט היטען ליגען א בר מינן . . .

– אבער צו וואס שלאגסטו אים? האט זי שטיל אויס גירעט אין מיטען קלאג.

– נוא וואס דען זאל איך טאן? האט זיך אביגדור גישטעלט קעגען די ווייב ווי ער וואלט אין אמת גיווארט, זיא זאל אים איין עצה געבען וואס צו טאן. איך שלאג אים, –וויפיל גיזונט אונ בלוט קאסט מיך דער שלאגען מיינער, ווייסטו? צו ניין?! איך שלאג דען אים? ער שלאגט דאך מיך, יעדער קלאפ רייסט מיר אין א שטיק גיזונט. מיר טריפט בלוט פון הארצען. אז איך זעה זיינע טרערען. אז איך דארף אויף הייבען אויף מיין עלנד אהאנט. פריער שלאגט ער. נאך דעם רייסט אים אויס די הארץ. איך זאג דען אז ער איז ניט ווערט. א אנדערער וואלט זיך צו רירען צו אים וואלט איך אים דיא אויגען אויס גיריסען. אונ דיין שלאגען ארט מיך גאר ניט. נאר דו אז דו כאפסט זיך צו, איז גאר קיין סוף ניטא. איין איידעל קינד וויפיל דארף ער . . .

– נוא וואס דען זאל איך טאן? גיפרופט אלץ מיט גוטען מיט מוסר, וועסטו גלייבען איך האב גיוויינט פאר אים וויא א קליין קינד, ס'העלפט קיין זאך ניט, איך מיין דאך אלץ טאמער איז דאס א פעולה. ב"ה א וואך צייט אז ער נעמט נאר א ספר אין האנט ניט. נעכטען איז ער גאר צו מנחה ניט גיוועזען, איך גייא אומיסטנע אהיים פאר ביי דעם עובר ישראל, ער זיצט דארט מיט זיין נאייעם בעל מדרך אזוי פרייליך. דער ציילט עפעס, אונ אלע קוועלען... איך האב גיוואלט אפילו אריין ניין, נאר איך האב זיך מיישב גיוועזן אז ס'איז ניט קיין צייט.

נָאר זָאגֶען װָעל אִיךְ אִים, וָואס הָאבּ אִיךְ מוֹרָא פַאר אִיהְם, אִין דֶער אֱמֶת'ן אַזוֹי, עֶר װֶעט בַּיי מִיר אָפּ נֶעמֶען דִי שְׁחִיטָה חַאפְּט אִיהְם דֶער שְׁוַוארְץ יָאהְר, אִיךְ װָעל פוּן הוּנְגֶער נִיט שְׁטַארְבֶּען.

— וָואס װֶעט עֶר טָאהְן? אָן נָאט טְהוּט זִיךְ קֵיין זַאךְ נִיט; מִיךְ פַארְדְרִיסְט נָאר, וָואס דִי רֶעבֶּעצִין גֵייט אִין אִיהר הוֹיט נִיט אַרַיין; דֶער רַב װֶעט שׁוֹין נִיט שִׁיקֶען קֵיין דְרַייא שַׁדְכָנִים אַ טָאג, פְרִיעֶר הָאבֶּען מִיר דֶעם שִׁדוּךְ נִיט גֶעוָואלְט, אִיצְט גְלוֹיבּ אִיךְ, אַז עֶר װֶעט זִיךְ נָאךְ אִיבֶּער נֶעמֶען.

אֲבִיגְדוֹר הָאט זִיךְ בַּיי דִיא לֶעצְטֶע װֶערְטֶער אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט ס'הָאט אִיהְם עֶפֶּעס וִוי אַ בְּלִיץ גֶעטָאן אִין קָאפּ, עֶר הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אַ קֶער גֶעטָאן צוּ דֶער וַוייבּ...

— הֶער, חַנָה, דוּ תָּאסְט מִיךְ אַרוֹיף גֶעפִירְט אוֹיף אַ דֶרֶךְ: דֶער רַב אִיז אֱמֶת שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז אוֹיף מִיר, אוּנ אַ סְבָרָא, אַז עֶר הָאט שׁוֹין בְּדֵעָת זוּכֶען אוֹיף מִיר הִתְחַייְבוּת, הַכְּלַל, עֶר בְּרֶענְט וִוי אַפַייעֶר פַאר דֶעם שִׁדוּךְ, נָאר װֵייסְטוּ, וָואס בַּיי מִיר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען: אִיךְ װֶעל שָׁלוֹם װֶערִין מִיט אִיהְם; אֶפְשַׁר אִיז דָס אַ בֶּעשֶׁערְטֶע זַאךְ אוּנ גָאט פִירְט אַזוֹי דֶער פַאר, מִיר זָאלֶען זִיךְ בַּיי אִיהְם דַארְפֶען בֶּעטֶען.

—אַז אָךְ אוּנ וַויי אִיז טַאקֶע אוּנְז, אַז מִיר דַארְפֶען זִיךְ מִיט אַזַא קִינְד אָהְן שְׁלָאגֶען דֶעם קֵיידַאנֶער רֶבִּיל!

—נוּ וָואס דֶען טְהוּט מֶען? מֶען דַארְף זֶעהֶען וָואס נִיבֶער פַאר שְׁלֵייעֶרִין אִיהְם.

— צוּ װֶעט עֶר אִיצְט װֶעלֶען?

— אָט! עֶר װֶעט נָאךְ װֶעלֶען, קֵיין מַעֲשִׂים רָעִים תוּשׁ הָאט מֶען נָאךְ נִיט גֶעזֶעהְן פוּן אִיהְם, נוּר כָּל זְמַן עֶר אִיז נָאךְ פוּן נֶדֶר נִיט אַרוֹיס, דַארְף מֶען זֶעהְן אָפּ פַּטְר'ן דֶעם עֵסֶק.

– נוא מִילָא טְהוא, וויא דוא פֶערְשְׁטֵייסְט, אונ לָאז נָאט פִירָען ווי בֶּעסֶער אִיז.

מִיט דֶעם בֶּעשְׁלוּס אִיז ר' אֲבִינְדוֹר דֶער שׁוֹחֵט אַוֶועק צוּם קֵיידַאנֶער רַבִּיל.

# 3.

– מָאזֶעס נֶערְשָׁאוִויץ, דֶער בֶּעוואוּסְטֶער רַייכֶער „גֶעווֶעלְד הָאנְדְלֶער", הָאט זִיךְ ווירְקְלִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר דֶעם גְבִיר פוּן שְׁטֶעטִיל, וַוייל עֶר הָאט בֶּאֱמֶת גֶעקָאנְט אָפְּהַאנְדְלֶען פַאר מְזוּמָן גֶעלְט גַאנְץ קֵיידַאנֶער אֵיינֶענְס מִיט אִיהְרֶע הַשָּׁנוֹת צוּ זַאמֶען, אונ נִישְׁט גֶעקוּקְט דֶערוֹיף, וָואס בַּיי אִיהְם אִין הויז הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעפִירְט הֶעכְסְט יֶעווְרָאפֶּעאִישׁ: מִיט גוּוֶוערְנֶערֶען, פְּיַאנָא, בֶּעלֶער, אוֹיסְלֶאנְדִישֶׁע בֶּאדֶער אַלֶע זוּמֶער. דָאךְ הָאט מָאזֶעס לִיבּ גֶעהַאט צֵייטֶען וַוייס אַזוֹי זִיךְ, פוּן ווֵיילְטָאנ וֶועגֶען, אַרַיין מִישֶׁען זִיךְ אִין קָהָלִישֶׁע אִינְטֶערֶעסֶען, אונ לויט דֶעם, הָאט דִי שְׁטֶעטִיל קֵיין זַאךְ נִיט גֶעטָאן אָן זַיין עֶרְשְׁטֶע דֵעה. דֶער כָּבוֹד הָאט אִיהְם אֱמֶת נִיט נָאר ווָאלְוֶועל גֶעקָאסְט: זַיין נְדָבָה אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע, אונ הָאט מֶעהְרְסְטֶען טְהֵייל אָנְגֶעטְרָאפֶען, וויפִיל פוּן גַאנְץ שְׁטֶעטִיל צוּזַאמֶען הָאט גֶעמַאכְט.

מָאזֶעס הָאט לִיבּ גֶעהַאט, מֶען זָאל רֵיידֶען וֶועגֶען אִיהְם, מֶען זָאל אִיהְם שַׁאטְצֶען לְכָל הַפָּחוֹת אִין אַ הַאלְבֶּען מִילְיָאן אֵיינֶענְס, חָאטְשׁ אִין כְּלַל הָאט אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס גֶעפֶעלְט צוּ אַ מֵאָה אֶלֶף; עֶר פְלֶעגְט דֶערִיבֶּער קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער אִין שׁוּל, מֶען זָאל אוֹיף אִים וַוארְטֶען מִיטִ'ן אוּיס נֶעמֶען, פְלֶעגְט גַיין אוֹיף אֵיין אַרֶעמֶע חֲתוּנָה, כְּדֵי דִי מְחוּתָּנִים זָאלֶען פַארְגֶעסֶען אָן אַלֶע קְרוּאִים מִיט חָתָן כַּלָה צוּזַאמֶען אִין זַיין פַארְנֶעמֶען מִיט אִיהְם, אונ אַלֵיין אַלְץ טַעֲנָה'ן:

„טְהוּט אַייעֶרְס, טְהוּט אַייעֶרְס, הְלֶעבֶּען, אִיךְ וָואלְט וִויסֶען, וָואלְט אִיךְ נָאר נִיט גֶעגַאנְגֶען". אוֹיס צוּפִירֶען אַ קַאפְּרִיז הָאט עֶר קֵיין מָאהל קֵיין גֶעלְט נִיט גֶעשְׁפָּארְט, עֶר אִיז פוּן דֶער נַאטוּר אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גוּט הֶארְצִיג; נָאר וַוארְטֶען אוֹיף עוֹלָם הַבָּא הָאט עֶר אִין כְּלַל קֵיין הֵשֶׂק גֶעהַאט; זַיין צְדָקָה גֶעבֶּען אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ סָארְט עוֹלָם הַזֶה, פִילַייכְט נָאךְ גְרֶעסֶער פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע . . .

— אוֹיף דֶעם עִלוּי הָאט מָאזֶעס שׁוֹין לַאנְג גֶעוָוארְפֶען אַיין אוֹיג. אוּנ אַלְס הֶעכְסְט גֶעבִּילְדֶעטֶער מַאן, הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט, אַז פוּן אַזַא כְּלִי יָקָר אִין אַנְדֶערֶע הֶענְט וָואלְט וִוירְקְלִיךְ אוֹיס-גֶעוַואכְסֶען אַ צַאצְקֶע אַ יוּנְגֶער מַאן, נוּר דָאס הָאט עֶר גוּט בֶּעמֶערְקְט אַז שְׁלֹמֹה'לֶע כְּמוֹ שֶׁהוּא פַּאסְט נִיט פַאר זַיין הוֹיז; דִי אַרְטִיקְלֶען, פוּן וֶועלְכֶע קֵיידַאנֶער בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבֶּען דִי פִינְגֶער גֶעלֶעקְט, אִיז פַאר אִיהְם אִין גֶעגֶענְטְהֵייל גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער חִסָרוֹן. שְׁלֹמֹה'לֶעס אַדֶעלֶע זִיטֶען, זַיין בְּרֵייטֶע מִילְדֶע אוֹיסְזִיכְט, זַיין גָאוֹן'עשֶׁע קָאפּ הָאט אִיהְם דַוְקָא גוּט גֶעשְׁמֶעקְט, נוּר פוּן זַיין לַאנְגֶע זַיידֶענֶע זוּפִּיצֶע, זַיין אוּנְוִויסֶענְהֵייט אִין אַנְדֶערֶע יֶעוְורָאפֶּיאִישֶׁע בִּילְדוּנְג, אוּנ אִיבֶּערַאל פוּן דֶעם נָאמֶען עִלוּי אִיז מָאזֶעס גֶעוֶוען הַאלְבּ צוּפְרִידֶען.

— בֶּעשְׁלָאסֶען הָאט בַּיי זִיךְ מָאזֶעס, אַז דֶעם קִינְפְטִיגֶען „דָאקְטָאר פִילָאסָאפִיעַ", וִויא עֶר פְלֶעגְט אִיהְם אָן רוּפֶען, וֶועט עֶר נֶעמֶען פַאר זַיין בַּת יְחִידָה, וֶועלְכֶע אִיז בֶּאֱמֶת גֶעוֶוען דִי שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע קֵיידַאנֶער מֵיידְלֶעךְ מִיט דֶעם רַב'ס טָאכְטֶער צוּ זַאמֶען: אִיהְרֶע צְוַויי נַאכְט שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען אוּנְטֶער דִי שֵׁיינֶע לַאנְגֶע בְּרֶעמֶען הָאבֶּען גֶעבְּלִיצְט וִוי צְוַויי גְלִיהֶענְדֶע קוֹלֶען; נִיט אוּמְזִיסְט הָאבֶּען דִי דָאזִיגֶע אוֹיגֶען אַזוֹי פַאר דְרֵייט דֶעם עִלוּי'ס קָאפּ, אַז עֶר הָאט פְּלוּצִים גֶעוָוארְפֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען אוֹם חֵן אוֹיף זַיין זַיידֶענֶע קַאפּאטֶע אוּנ הָאט זִיךְ אִין דֶער שֵׁיינֶער מִרְיָם אַזוֹי פֶערְלִיבְּט, טַאקֶע

נור אַזוי ווי אַ גאָון איז אוּם שְׁטַאנְדֶע פֶּערְלִיבְּעֶן זִיךְ מִיט אַלְלֶע מְפָרְשִׁים אוֹיפְ'ן אָרְט.

— אין אָנְפַאנְג הָאט אויף אִיהם מִרְיָם גֶעקוּקְט ווי אויף אַ שֵׁיין חַיָה'לֶע, נוּר בִּיסְלֶעךְ ווייס הָאט זי בֶּעמֶערְקְט, אַז בּיי דֶער הַיָה'לֶע איז אַ הֶעכְסְט רַייכֶע אויסְזִיכְט, אונ זֶעלְטֶען שֵׁיינֶע אוֹיגֶען, אונ בֶּעת דִיא דָאזִיגֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אויף אִיהְר, צִינְדֶען זַייא זִיךְ אָן מִיט אַיין אוּנְבֶּעשֵׁיידֶען לִיכְטִיג פַייעֶר. אין אָנְפַאנְג הָאט זי נור בֶּעמֶערְקְט, אַז שְׁלֹמֹה'לֶע וָואלְט גֶיין יֶעוְורָאפֵּייאִישׁ גֶעקְלֵיידֶעט, וָואלְט עֶר גֶעוֶועֶן דֶער שֶׁעגְסְטֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן פוּן דִי אַלֶע, וֶועלְכֶע אִיהר האט זִיךְ גֶעמַאכְט צוּ זֶעהְן. נוּר עֶנְדְלִיךְ, ווי קֶענֶען אִיהְר ווִילְלֶען, האט זיא זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ קוּקֶען צוּ אִיהְם שְׁטַארְקֶער, בֶּעוָואנֶענֶער אונ פוּן טָאג צוּ טָאג פִּיל נַייגֶערִיגֶער; זי הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהֵייבֶּען וַוארְטֶען אויף זַיין בֶּעזוּךְ, אונ אַז עֶר פְלֶעגְט אַמָאהְל פֶּערְשְׁפֶּעטִיגֶען, פְלֶעגְט מִרְיָם זַיין אוּנְרוּהִיג אונ אֵיינְוֶוענִיג שְׁטַארְק אוּנְצוּפְרִידֶען מִיט זִיךְ, וָואס זי אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ אַזוי פִיל וֶועגֶען דֶעם קְלֵיין שְׁטֶעטֶעלְדִיגֶען בָּחוּר'ל, פוּן וֶועלְכֶען אִיהְר גוּבֶערְנֶערִין, דִי פְרַאנְצוֹזְשֶׁענְקֶע, מַאכְט חוֹזֶק; נוּר עֶנְדְלִיךְ, וֶוען מָאזֶעס האט זִי גֶעפוּנֶען בַּיי דֶער אַרְבַּייט אונ הָאט אִיהְר שְׁטְרֵיינְג אויסְגֶערֶעדְט, אַז דֶער יוּנְגֶער מֶענְטְשׁ, וֶועלְכֶען זיא קְרִימְט נָאךְ, הָאט אִין זַיין קְלֵיין פִינְגֶערֶעל מֶעהְר שֵׂכֶל אִין קָאנְשַׁאפְט; וויפִיל אַלֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע פְרֵיילֶענְס צוּא זַאמֶען, הָאט מִרְיָם שׁוֹין אויף גֶעהֶערְט לַאכֶען, זיא הָאט גֶעקָאנְט אִיהְר פָאטֶער, אַז לוּיבֶּען וֶועמֶען עֶס אִיז — אִיז נִיט גֶעוֶוען אין זַיין נַאטוּר, אונ אַז עֶר אִיז יַא עֶנְטְצִיקְט פוּן אִיהְם — מִן הַסְתָּם, אִיז עֶר ווירְקְלִיךְ אַיין אויסְנַאהְמֶע, מִרְיָם הָאט זִיךְ פוּן דַאמָאלְס אָן יֶעדֶען טָאג אַלְץ מֶעהְר פֶּערְלִיבְּט אִין אִיהְם אונ אַלְץ מֶעהְר אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוֶועֶן פוּן דֶער לִיבֶּע; זי אִיז צוּ שְׁטָאלְץ גֶעוֶועֶן

ווייזְ-

וַוייזְען פַאר װעמען אִיהרֶע גִיפִילֶע, זִי הָאט מִיט אִיהְם װִי פְרִיעֶר גֶערֶעדְט, גֶעלַאכְט, גֶעלֶערֶענְט אִיהְם, אַלֶעס שְׁפַּאס, פִּיַאנָא שְׁפִּילֶען אוּנ פְרַאנְצֶעזִישׁ רֵיידֶען, אוּנ יֶעדֶען מָאל פְלֶעגְט זִי עֶנְטְצִיקְט װערֶען, װִי שְׁלֹמֹה'לֶע מַאכְט אִין אַ הַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע דִי זֶעלְבִּיגֶע פָארְשְׁרִיטֶע, װָאס זִי אִין אַ װָאךְ צַייט מִיט גְרוֹיס מִיה; אוּנ װִי װַייט מִרְיָם הָאט גֶעפְּרֶעסְט אִין זִיךְ דִי לִיבֶּע, דָאךְ הָאט זִי שְׁלֹמֹה'לֶע מִיט זַיין גְאוֹנֶ'עשֶׁע קָאפּ בַּאלד בֶּעמֶערְקְט, אוּנ טַאקֶע מֵהָא טַעֲמָא דָאס גוּפָא אִיז גֶעװוֶען דֶער שׁוֹרֶשׁ (דֶער אָנְפַאנְג) פוּן שְׁלֹמֹה'לֶעס הִתְהַפְּכוּת, אִיבֶּער דֶעם פְלֶעגְט עֶר גַאנְץ אָפְט פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען אַ מִנְחָה וּמַעֲרִיב, װָאכֶען װַיים נִיט גֶעמֶען אַ סוֹפֵר אִין הַאנְט, אָן שְׁטָאט גְמָרָא מִיט מְפָרְשִׁים הָאט שְׁלֹמֹה'לֶע גֶעלֶערֶענְט דֶעם בֵּית יְהוּדָה, „חוֹבַת הַלְּבָבוֹת" „תּוֹעֶה בְּדַרְכֵי הַחַיִּים" קְבוּרַת חֲמוֹר „קוֹצִי שֶׁל יוּד", אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע הַשְׂכָּלָה סְפָרִים, װָאס הָאבֶּען אִיהְם פְלוּצִים דִי אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט.

## 4.

– אֲבִיגְדוֹר דֶעם שׁוֹחֵט הָאט זִיךְ אָבֶּער אִין חָלוֹם אוֹיךְ נִיט פָאר גִישְׁטֶעלְט אַז מָאזֶעס גֶערְשֶׁעוִויץ זָאל װעלֶען מִיט אִיהְם אַ שִׁידוּךְ טָאהְן. אוּנ פַאלֶען אוֹיף דֶער הַמְצָאָה אַז זַיין שְׁלֹמֹה'לֶע הָאט זִיךְ פַאר לִיבְּט הַאט עֶר נִיט גִיקָאנְט אֲבִיגְדוֹר הָאט עֶרְנְסְט גִימֵיינְט, אַז בַּיי דֶעם גְבִיר. אִיז דָאס נִיט מֶעהְר, װִי אַ שְׁפַּאס, גְלַאט אַזוֹי אַ גְלַייךְ װָארְט, אָדֶער פְּשׁוּט עֶר פַארְנִיגְט נִיט אַיין אָרִימַאן זָאל הָאבֶּען אַזָא נַחַת פוּן אַ קִינְד, אוּנ בַּייא אֲבִיגְדוֹר'ן אִיז שׁוֹין גִיבְּלִיבֶּען בְּהֶסְכֵּם אַזָא פְלַאן: װעט דֶער רַב מַסְכִּים זַיין אוֹיף דֶעם שִׁידוּךְ – װעט עֶר שׁוֹין מִיט גָאטֶעס הִילְף זַיין שְׁלֹמֹה'לֶען צוּרִיק אַרוֹיף פִירֶען אוֹיף דֶעם דֶרֶךְ הַיָּשָׁר, חָלִילָה

ניט, – וועט נאר ניט אנדערש ווערען בייא אים מיט דעם גביר א גרויסע מחלוקה.

– מיר געפינען איהם גייענדיג צום רב, זיין געזיכט איז בלאס, אונ שטארק פאר צאנט, אונ שפעטצעט עפעס פאר זיך: דאס שטעלט זיך אביגדור פאר, וויא ער וועט זיך אפ רעכענען מיט דעם גביר – צו קריאת התורה; בפני כל עם ועדה, וועט ער אויס ניסען צו זיין קאפ, אלץ, וואס ס'האט גיקאכט פון א צייט בייא איהם אין הארצען. איך וועל „איהם, דעם עוכר ישראל", טענה'ט ער פאר זיך, אויס ציילען אף דיא פינגער אלע זיינע אכזריות, זיינע טובות כלומר'שט, זיין צדקה, אלע זיינע מעשים טובים איז דורך גדלות אונ שקר, איך וועל שרייען מיט קולות וואס האסטו צו מיר, צורר היהודים, מערדער! בלוט זיינער צו וואס האסטו אפ גענומען בייא ארימע עלטערען זייער איינציגע טרייסט, זייער פופצעהען יאהריגע בלוטיגע מיה; וואס האסטו צו מיר גזלן? וואס האב איך דיר גיטאן? וואס האסטו זיך אן גיזעצט אויף מיר? וויא איז דאס עפעס הפקר א וועלט? וואס לאוט מען אים מיין בלוט צאפען! איך וועל דאס ניט שווייגען! איך וועל לויפען צו רבנים! איך וועל מרעיש עולם זיין, איך וועל... איך וועל... אונ אביגדור דער שוחט האט זיך אן גיחאפט אן א ווינקעל פון א קרעמעל.

– וואס איז אייך, ר' אביגדור? איז צו גילאפען דער קרעמער.

– אט! אזוי, די קאפ ניט פאר אייך גידאכט, – גישט קשה, בעמיהעט זיך ניט, ס'טרעפט בייא מיר גאנץ אפט... שוין בעסער... אונ אביגדור דער שוחט איז מיט פעסטע טריט אריין צום רב אין שטוב. דאמאלס איז גראד גיווען דיא פינפטע ליכטעל, דער קאיידאנער רב האט אריין געקוקט, אין „טור

זָהָב". אונ דִיא רֶעבֶּעצִין איז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיין אֵייוָוין, אִיהְר גֶעוִויכְט הָאט גֶעפְלַאמְט, אונ מְשׁוּנֶה שְׁנֶעל, בְּרִיָה נִפְלָאָה'דִיג הָאט זִיא גֶעדְרֵייט מִיט אַ פֶּעטֶען קְוָואטְשׁ אִיבֶּעךְ סְקַאוֶוערָאדֶע, ווָעלְכֶע זִיא הָאט צוּ גֶעהַאלְטֶען מִיט אַ בְּרֶעג פַּארְטוּךְ.

— ווִיא זִיא הָאט דֶער זֶעהֶען אֲבִינְדוֹר דֶעם שׁוֹחֵט בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב, אִיז בַּייא אִיהְר שִׁיער דִיא סְקַאוָוערְדֶע אַרוֹיס נִיפַאלֶען פוּן הַאנְט, אוּנ דֶער רָב, אִיז אוֹיךְ ווִיא עֶפֶּעס בָּטֵל גֶעוָוארֶען, נָאךְ דֶער גִישִׁיכְטֶע פוּן דֶעם שִׁדוּךְ, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיף אַזַא גַאסְט לַחֲלוּטִין נִיט גִירִיכְט.

— וִיצְט, ר' אֲבִינְדוֹר, ווָאס נוּטְשׁ? מִן הַסְּתָם, אַ קָהָל'שֶׁער עִנְיָן עֶפֶּעס? — נֵיין, רֶבִּי, דֶעם מָאהָל דַוְקָא — אַיין אֵייגֶענֶער עִנְיָן. אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען, רֶבִּי, רֵיידֶען אַ שִׁידוּךְ פַאר אַייעֶר טָאכְטֶער..

— דִיא עֶרְסְטֶע מִינוּט הָאט דֶער רָב נָאר נִיט פַאר שְׁטַאנֶען ווָאס עֶר רֶעדְט.

— אַשִׁידוּךְ?! אִיהְר רֶעדְט מִיר אַ שִׁדוּךְ? ווָאס הֵייסְט? ווִי פַאלְט אִיהְר אוֹיס? הָאט עֶר ווִיא פַאר זִיךְ גֶעבְּרוּמְט אוֹיס שְׁטֶעלֶענְדִיג אוֹיף אֲבִינְדוֹר'ן זַיינֶע אֵיינֶען, נָאר דִיא רֶעבֶּעצִין הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפֶען:

— הָאט קַיין פַאר אִיבֶּעל נִיט, ר' אֲבִינְדוֹר, אַ בַּעַל נַאֲוָה ווַייסֶען מִיר אַז אִיהְר זַייט, הַנֵם... נָאר דָאס מַאכְט נִיט אוֹיס.. אַהֶער אִיז דָאס נִיט שַׁייךְ, אָבֶער פַאר אַנַאר הָאבֶען מִיר אַייךְ בִּיז אַהֶער נִיט גִיהַאלְטֶען.

— יַא, אִין אֶמֶת — הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער רַב אוֹיךְ אָן גֶעשְׁטֶייסֶען — ווִיא פַאלְט אִיהְר עֶפֶּעס אוֹיס? ווֶער בֶּעט בַּייא אַייךְ שִׁידוּכִים?

— זַייט מוֹחֵל רֶבִּי — הָאט אֲבִינְדוֹר אוֹיס גִירֶעדְט ווִיא אִיבֶּער

זיין כח – איך מיין טאקע מיט מיין זון, מיט שלמה׳לע
מיט מיינעם.

– די רעבעצן האט זיך אפ גיקערט ווי פאר שעמט, און דער רב איז נאך מעהר בטל גיוואָרען ווי פון פריער.

– הום! מתיבא תיתא, הנם... דער בחור...

– ווייט אזוי גוט, רבי – האט אביגדור האסטיג איבער געשלאגען; און זיין גיזיכט האט זיך ווי אן גיצונדען – איהר פאר שטייט אליין, רבי, אז בייא אנדערע פרטים האט מען מיר גירעדט מיט דעם ליבאוויצער; קיין הטאים חו״ש האט נאך קיינער פון איהם ניט גיזעהען, און אז ער וועט אן קומען צוא אייך אין שטוב, איז ער מיט גאטעס הילף דער וועלכינער עלוי וואס ניזען, ווארום קיין בעסערען מדריך פון אייך דארף מען ניט...

איך דאנק אייך, ר׳ אביגדור, איהר גיט מיר צו פיל נאך, דעם אמת גירעדט, איז דער בחור טאקע א צאצקע, ניט חו״ש חנפנ׳ן, נאר וויא דער אמת איז, איך האב אויף איהם שטארק אויס גיקוקט, נאר האט קיין פאר איבעל ניט, ר׳ אביגדור, איך מיין ניט חו״ש... נאר דא עפעס... אויפ׳ן סוף... וויא זאגסטו, יאחנע?

– אפי׳ן סוף, אפי׳ן סוף! – האט איהם יאחנע די רעבעצן וויא נאך געקרימט – אז ר׳ אביגדור איז אליין גיקומען און לייגט פאר דעם שדוך, איז דאס בשערט מן השמים נאך אלעמען איז שלמקע׳לע בייא מיר פארט איין געבאקען אין הארצען, וויא מיין אייגען קינד. וואס איז? אומזיסט פלעג איך ארויס לייפען אין גרעסטען פראסט, פאר בינדען איהם שטארקער די פאציילע, אן שטעלען איהם דעם קעלנערעל, ווייניג בלינעם מיט פוטער האב איך איהם איבער געגעבען דעם שטיפער. אט

זיצט דער טאטע — לאז ער זיך איבער נעמען; איך פלעג דאך שטיין כּיין מיר פאַרטען אויף איהם, זעהען וויא שלמה'לע גייט פון חדר, אַרײַן שטופען איהם אין האנט אַ בּלינצע, אַ פוטער קוכען, נישט קשה, ער נידיינקט דער שרץ; ניט אומזיסט לייפט ער מיר נאך, מיט'ן גוט מארגען, וואס מאכט דאס אויס? לסוף מאלע וואס לסוף, לאז זיין מיט מזל אונ געזונד, זייט רוהיג, וואט מיר האבען צו געזאגט וועלען מיר ניט משנה זיין, אונ שיינדעלע מיינע, וועט אויך קיין טענות צו מיר ניט האבען.

— גייא שוין, גייא! האט דער רב, צו געשמייכעלט — זיא רעדט שוין נאר אויסען וועג. אַ קינד, זיא ווייסט זייער, אַ חתן — אים אַ חתן.

— אַזוי זאנסטו? וואס שטייט דיר אַזוי ניט אן, חסיד מיינער! האט זיך דיא רעבעצען געשטעלט קעגען מאן דיא הענט אין דיא זייטען — אונ דוא פלעגסט ניט גיין פון שול אַ גאַנצע נאס איין איבערינגע, כּדי גיין דווקא פאר בּיי אונזער פענצטער, אונ איך פלעג ניט אפּ זיצען אַ שעה אַפּ'ן זייגער באם פענצטער, אוֹן ווארטען זעהען, וויא דוא גייסט פון מנחה. זעהט איהר ר' אַבינדור וויא איך זאג קיין ליגען ניט, אט איז ער רויט געווארען! נישט קשה, שעם זיך ניט, היינטיגע קינדער פאר שטייען אויך איין עסק. דיא הארץ זאגט איהר אַז שלמה'לע איז איהר בּעשערטער.

— נוא גוט! גוט! דוא וועסט אַזוי מאכען, אַז ר' אַבינדור וועט אויס הייבען הרים וגבעות.

— שרעקט זיך ניט רבּי, איך וועל קיין איבעריגעס ניט אויס הייבען, האט ר' אַבינדור געענטפערט. אונ דיא הארץ איז אים צו גאנגען פון נחת, וואס נאך אַלעמען שטייט נאך דא זיין שלמה'לע גאנץ חויך אין קורס. איך וועל אייך זאגען רבּי

דעם אֱמֶת, ווען בייא אייך וואלט געוועזען פיר טערער וואלט איך וועלען פרטים. בייא אייך איז ס׳ה א בת יְחִידָה, ווערט דאך מיין שלמה זיין ביי אייך א בן יחיד, אונ מיט א בן יחיד טהיילט מען זיך ניט.

— האב איך אזא יאהר וואס פאר א חכם איהר זייט ר׳ אביגדור. אזא חן מיט אזא כבוד וויא אייער קינד וועט האבען ביי מיר וועט ער ערגעץ ניט האבען. איך זאל נאר זעהען נחת פון זיי ליבער גאט. וועמען האב איך משטיינס געזאגט? ער וועט דאך זיין אונזער קדיש, נאך אונז זאל ער בלייבען. אך א שאדען, וואס חנה אייערע איז דא ניטא. איהר ר׳ אביגדור זייט אויך איין ערליכער יוד, אונ א קלוגער יוד, אבער ביי אייך מחותן — נישט קשה איך מוז אייך שוין רופען מחותן — איז אויך אמאל דא אביסעל גאוה וויא ביי אלע מאנזבעל ב״ה, אבער חנה אייערע איז טאקע א צדיקת, איך האב זי אלע מאהל געשעצט אין געהערט, אונ טאקע נאך היינט בלא נדר, וועל איך זיין בייא איהר.

— אין דעם איז אריין שיינדעל דעם רב׳ס טאכטער, א קליין ניוואקסענע מיידעל, ניט נאר א מאוסה אפילו, אבער גאנץ ווייט פון א פארשיין.

— נוא שיינדעל, קערט זיך צו איהר דיא מאמע, חילסט שלמה׳לען פאר א חתן? בייא דיר וועט זיין דיא טעג תנאים מיט מזל.

— שיינדעל האט זיך וויא אן ניצונדען, פון פרייד, אין אונערוואַרטונג.

— איי ניי מאמע... האט זיך די כלה שרעקליך פארשעמט, אונ איז שנעל אריין אין צווייטען צימער.

# 5.

– נוא חַנָה גִיבּ מִיר מזיט! הָאט אֲבִינְדוֹר אוֹיס גִירֶעט אַרַיין גֵייעֶנְדִיג אִין שְׁטוּבּ מָלֵא שִׂמְחָה. וָוארוּם אוֹיסֶער אַלֶעמֶען הָאט עֶר גִינוּמֶען בַּיין מְחוּתָּן אַ גוּט בִּיסֶעל שְׁפִּירְט, אוּנ אִיז גִיוֶועְן אַף חַסִידֶ׳עשֶׁען לָשׁוֹן, „גוּט בִּיכּוֹס׳עט“.

– שׁוֹין מִיט מַזָל, הָאט חַנָה אוֹיס גִירֶעדְט, הַאלְבּ פְרֵיילִיךְ, הַאלְבּ וְויא אוּנְצוּפְרִידֶען. וָואס... וְויא אַזוֹיא... גְרִינְג צוּא גִיקוּמֶען?...

– וְויא אַ הָאר פוּן מִילְךְ. בְּפוֹעַל מַמָשׁ, אִין 2 וֶוערְטֶער, דֶער רָב אִיז צוּ פְרִידֶען מוֹרָה׳דִיג. הַיינְט דִי רֶעבֶּעצִין אִיז נָאר מָלֵא שִׂמְחָה. זִיא וֶועט זַיין הַיינְט בַּייא דִיר...

– אִיךְ גְלוֹיבּ עֶפֶּעס נִיט זִי וָאל מָאן אַזַא נַארִישְׁקַייט. אִיךְ וָואלְט נִיט גִילָאפֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע רֶגַע.

– פָּטוּר. קָאנְסְט זִי דִיא נַבַּאי׳טֶע אַז דָאס אִיז נָאר אַ מַזִיק, נִיט אַ יוּדֶענֶע. וָואס זִיא הָאט צוּ גֶעבֶּען, וָואס זִיא הָאט צוּ גֶעבֶּען אַ גְוַואלְד, וְויא אִיךְ זָאג דִיר גֶעקוּמֶען עֶפֶּעס צוּ רֵייד... וַוארְט נָאר, ווִי אַזוֹי דָאס אִיז עֶפֶּעס צוּ גִינַאנְגֶען.. יָא! זִי זָאנְט דָארְטֶען לָאז זַיין מִיט מַזָל, דָאס יֶענְז, אוּנ שֵׁיינְדֶעל מַיינֶע, זָאגְט זִיא, וֶועט אַוַודַאי צוּא פְרִידֶען זַיין, הָאט דֶער אַלְטֶער בִּידַארְפְט אַ זָאג טָאן, „זִיא וֶויים זֵייעֶר, צוּ פְרִידֶען, נִיט צוּ פְרִידֶען“ נוּא! נוּא! וָואלְסְטוּ זֶעהֶען וְויא זִי הָאט אִיהם אַרוֹיס גִיגֶעבִּין דִי חֲטָאִים זַיינֶע, וְויא עֶר פְלֶעגְט חָתָן וַויים גֵיין פַאר בַּיי אִיהְר פֶּענְצְטֶער דְרַיי מָאל אַ טָאג; אוּנ דֶער אַלְטֶער שֶׁעמְט זִיךְ, אַ לִיגֶען שְׁרַייט עֶר, אַ לִיגֶען, חָלֶעבֶּן, זִי אִיז אַ מַזִיק אַז אִיךְ זָאג דִיר. אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען ... הָאבּ גִינוּמֶען וְויא דֶער סֵדֶר אִיז אַ גוּט בִּיסֶעל

שפּירעט, און נָראר איז גיוועזן בּלינעס, דער ווייל איז אַריין משה שעפּטעלס, חיים בּערקאָוויץ, און נאך דאַרטען עטליכע מענטשען, און דאָ גופא גימאַכט אַ קבּלת קנין, און לאָז זיין מיט מזל! ווייסטו חנה, איך בּין אמת צופרידען. וואס מאַכט דאס אויס, אַז עס האָט זיך שוין אַזוי גימאַכט. מהיכא תיתא חלעבּען, אַ פיינער שידוך. פיין, וואס פיין הייסט. —

— די כּלה האָסטו גיזעהען?

— פּטור. אַ גאַנץ פיינע מיידעל, אַביסעלע צו קליין, אָבער נישט קשה, אַ וואל קינד, גינוג פאַר אים. ער וואלט ניט געוועזן קיין קונדס, וואָלט ער אפשר אַ שענערע כּלה גינומען. נו מילא. בּישערט אַזוי, לאָז זיין מיט גליק.

— וואו איז ער?

— ער זיצט און לערענט.

— אין אַ גוטער שעה, איך האָב הנאה, און ניט גיוואָלט אפילו שטערען אים, נאר מען דאַרף דאך איהם פאַרט מודיע זיין אַז ער איז שוין אַ חתן מיט מזל. מיט דעם בּישלום איז ער אַריין צו שלמה׳לען, אין זיין חדר...

## 6.

— שלמה׳לע איז אויף גישטאַנען קעגען אים.

— נוא מיין זון, דעם מאָהל בּין איך מבטל תּורה בּדבר מצוה. קודם כּל וואס לערנסטו... כּתובות, מעניינו. אַ גוטער סימן. — קום אהער מיין זון זעץ זיך. איך האָב מיט דיר היינט צוא רייען אַ וויכטיגען ענין.

— שלמה האָט גיקוקט דעם טאַטען כּולה מוקשה׳דיג. און האָט זיך ניט גיקאנט בּעשיידען דיא קשיא, וואס איז דאס מיט

דעם טאטען אזעלכע פלוצליכע התפעלות. זינד ער איז בעקאנט גיווארען מיט געגרשעוויצעס הויז, האט נאך זיין טאטע מיט אים אזוי ניט גירעט. מעהר אז רוגזא, אוים ריידען, וידלעריי, ענדליך גישלעג, האט ער פון אים ניט גיזעהען. ער האט זיך פון די אנגערוארטעטע גיטרייהייט וויא פארלארען.

– וואס ביזטו אזוי בטל געווארען שוטה איינער, מיינסט אז דער טאטע שלאגט אן אמאל, איז ער דיר א שונא, אוודאי אויסען דיין רעה? ביזט א נאר. וועמען דען האב איך א חוץ דיר? איי קינדער קינדער. איהר וואלט וויסען וויפיל גיזונט איר קאסט אונז. גידיינקסט שלמה'לע, ווי איך פלעג דיך טראגען אין הדר ווינטער אונטערן פוטער און דו פלעגסט מיך ארום נעמען און קושעי מיך, דאמאלס האסטו מיך מעהר ליעב גיהאט. הא שרץ, האט איהם אבינדור א קניפ גיטאן כאם בעקעל, און אז דו ביזט ניט היינט נידאכט גילעגען אין פאקען, גידיינקסטו, ווי איך בין פינף נעכט גיזעסען לעבען דיין בעטעל און גיפאסט הפסקות, דאס פאר געסטו קונדס, און דו מיינסט אלץ אז דער טאטע איז דיר א שונא, און גערשעוויץ איז דיר א גוטער פריינד. – נו זאג אליין ווי איז ביי דיר א לב. אן טאן אונז אזוי פיל צער און עגמת נפש. – זעהסט דען ניט וואס פון דער מאמע איז גיווארען? קאם וואס זיא גייט ארום, שווארץ נעבעך וויא די ערד, און מיך זעהסטו מיין זון, אט זעה... דורך שיוועס האר, זעהסט שלמה. – ניט גיוועזן פריער, דא ניט לאנג, פון הרחבה. איך האב דיר פריער ניט גיוואלט אזוי פיל נאך געבען, אלע האבען מיר מקנא גיוועזן. נאר וואס מאכט דאס אויס, מן הסתם איז אזוי בישערט פון גאט... דער ווילדע מחשבות'ין קומט דיר מז"ט.

— מז״ט! פאר וואס? האט שלמה אן ניקוקט דעם טאטין אונ זיין הארץ האט אן גיהייבען שרעקליך קלאפען. —

—איך גייא ערשט פון רב, נימאכט א קנין מיט מזל, אונ מארגען איה״ש וועט זיין תנאים... וואס ביזטו אזוי בלייך גיווארען, שוטה איינער, א שלעכטער שדוך, וואס? זיי אלע, דער רב, די רעבעצען, היינט וועך שמועסט די כלה, אלע האבען דיך ליב דארטען אהבת נפש, אלע העכסט צו פרידען.

— שלמה׳ס אויגען זיינען אן גילאפען מיט טרערען, אונ אין זיין יונגע 16 יאהריגע הארץ איז פאר ניקומען א שרעקליכער שטרייט, דא זיצט דער טאטע, אונ זיינע קליינע סיערע אויגען אונטער די גרויסע ברעמען, אונ אין זיין פאר צאגטע געזיכט וועהט ער איין אונבעשיידענע ניטרייהייט צוא זיך. — אונ מרים, איהרע גרויסע שווארצע אויגען, שטייען אים אבער אויך אנטקעגען, ער וועהט אין זייא אזוי אהיילינ געטליך געפיל, אזויא פיל אונבעשיידענע פארגעניגען, זיי ציען אים צו זיך ווי א מאגנעט, זיי פארשטעלען מיט זיי דעם טאטען מיט דער מאמע. שלמה׳לע וואלט גערען פאר געסען אף זיי, ער דערמאנט זיך אומיסטנע, ער שטעלט זיך פאר וויא דער טאטע האט אים געטראגען אין חדר אונטער׳ן פוטער, וויא ער זיצט לעבען זיין בעטעל אונ פאסט הפסקות, וויא דיא מאמע ווישט אים אפ מיט דעם פארטוך דעם שטערען אונ קושט אים אוים אלע גלידער. אונ די אויגען, מרים׳ס שווארצע אויגען גייען אים פון זינען ניט ארוים. דיא אלע בילדער, ווערען עפעס אלין דונקעלער, בלאסער, אונ ווערען נאר פאר שוואונדען, אונ דיא אויגען, בלישצען אלין העלער, זייא קריכען אים אין הארץ אריין, זייא פאר חאפען אים ווי מיט אייזערנע קלעשצעם.

דְרִיקְען אִים זַיין בְּרוּסְט, רוּגִירְען אִים אַלֶע בְּלוּטֶען, אַלֶע פִּיבֶּרְיש פוּן זַיין הַאַרְץ, דוּכְט זִיךְ דֶער טַאטֶע רֶעדְט עֶפֶּעס, דִי צֵיילְט עֶפֶּעס, וֶוענֶען דֶער רֶעכֶעצֶען, וֶוענֶען בְּלִינֶעס, וֶוענֶען חַיִים שֶׁעפְּטֶעלְס, נָאר וָואס עֶר דֶערְצֵיילְט הֶערְט שְׁלֹמה'קֶע נִיט, — עֶר הָאט נָאר גִיהֶערְט דָאס וָוארְט מז"ט, אוּנ דָאס וָוארְט הָאט אִיהְם וִויא בֶּעצוֹיבֶּערְט, וִוי מִיט אַמָאל אָפּ גִינוּמֶען זַיינֶע קְרֶעפְטֶען, דָאס וָוארְט הָאט אִים וִוי דִי הַאַרְץ אַרוֹיס גִירִיסֶען.

– דוּכְט זִיךְ דוּ הֶערְסְט נָאר נִיט, וָואס אִיךְ דֶר צֵייהְל דִיר.

– אִיךְ הֶער! אִיךְ הֶער טַאטֶע!

– נוּא אִיז וָואס זָאגְסְטוּ, גִיפֶעלְט דִיר דִי כַּלָה?... זָאג שׁוֹין, וָואס שְׁוַויינְסְטוּ, זֶעה נָאר, וִוי גִיפֶעלְט דִיר? וָואס וֵויינְסְטוּ שׁוֹטֶה אֵיינֶער?

– אִיךְ וִויל בֶּעסֶער נָאךְ אַ פָּאר יָאהְר זִיצֶען אוּנ לֶערְנֶען. אִיךְ וִויל אִיצְטֶער קֵיין חֲתוּנָה נִיט הָאבֶּען.

– נָאךְ דֶער חֲתוּנָה קָאנְסְטוּ נִיט לֶערְנֶען. וֵויינִיג סְפָרִים אִיז דָא בַּיי'ן רַב?

– מִיר גִיפֶעלְט דֶער שִׁדוּךְ נִיט, טַאטֶע, הָאט שְׁלֹמה שְׁטִיל וִויא אִיבֶּער גְוַואלְד אוֹיס גִירֶעדְט...

– פַּאר וָואס?!...

– אִיךְ וֵויים נִיט, אִיךְ קָאן דִיר נִיט זָאגֶען. נָאר זַיי הָאבּ רַחְמָנוּת לָאז גִידוֹעֶרֶען, נָאךְ אַ יָאהְר, וָואס הַיילְסְט...

— מֵיילֶא, וֶועל אִיךְ אָפּ לֵייגֶען דִיא תְנָאִים. אֲפִילוּ שְׁוֶוער, זֵייעֶר שְׁוֶוער, אָפּ גִירֶעדְט אַף מָארְגֶען. אַךְ רבש"ע צוּ מַיינֶע ענ׳׳ אִיז נָאר קֵיין שִׁעוּר נִיטָא. – מִיט דִי וֶוערְטֶער אִיז אָבִּינְדוֹה אַרוֹיךְ פוּן דֶעם זוּהנְס חֶדֶר,

# 7.

— אין אַ פֶּערְטֶעל שָׁעָה אַרוּם, גִיפִינֶען מִיר שְׁלֹמֹה'ן בַּייא נֶערְשֶׁעוִויצֶען אִין גָאסְטִינֶע. מִרְיָם אִיז דֶעם אָבֶענְד אַיין גִילַאדֶען גִיוֶוען אַף אַ בַּאל אִין אַ אִימֶענְיֶע נִיט וַוייט פוּן קִיידַאן.

— אִיז וָואס, מַיין דָאקְטֶער פִילָאסָאפְיֶע? ווִיל מֶען דִיךְ פַאר שְׁלַייעֶרֶען פַאר דֶעם רֶבְּ'ס טָאכְטֶער? נוּא וָואס אִיז דָארְט דֶער מַה רַעַשׁ אַזוֹי נְרוֹים? דִיא רֶעבֶּעצֶען וֶועט דִיר גֶעבֶּען פוּן אִיהְרֶע הֶענְט אַלֶע פְּרִי מָארְגֶען קַאוֶוע מִיט פּוּטֶער גִיבֶּעק, פֶּעטֶע בְּלִינְצֶעס וָואס פֶּעלְט? אוּנ דִיא כַּלָה אִיז אוֹיךְ דוּכְט זִיךְ אַ גַאנְץ פַיינֶע מֵיידֶעל, וָואס וֶועה זָארְגְסְטוּ?

— שְׁלֹמֹה הָאט אַף אִים אֵיינִיגֶע סֶעקוּנְדֶען נִיקוּקְט, אוּנ הָאט עֶנְדְלִיךְ אוֹיס גִירֶעט, אִיךְ הָאבּ בַּיי אַייךְ ר' מֹשֶׁה גִיוָואלְט עֶפֶּעס פְרֶעגֶען, אִיהְר זָאלְט מִיר נָאר עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען. אִיז דֶען אֶמֶת אַז אִיךְ הָאבּ אַ טְעוּת גִיהַאט? אִיךְ הָאבּ בִּיז אַהֶער גִימֵיינְט, אַז וַוייל אִיר זֶעהְט אִין מִיר מֶער דַעַת, וַוייל אִיךְ וַוייז אַייךְ אוֹיס מִיט אַ קָאפּ הֶעכֶער פוּן מַיינֶע חֲבֵרִים, דֶער פַאר זַייט אִיהְר מִיךְ מְקָרֵב, שַׁאדֶע, וֶוען אִיהְר הָאט אִיצְט גִירֶעדְט אָן שְׁפַּאס. – אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען צוּא אַייךְ וִוי צוּ מַיין צְוֵוייטֶען פָאטֶער, אִיהְר הָאט מִיר שׁוֹין אָנְגִיהֵייבֶּען עֶפֶּעס דִי אוֹיגֶען, הָאבּ אִיךְ גִימֵיינְט, אַז אִיהְר זַייט מַיין שְׁטִיצֶער, אַז דוּרְךְ אַייך וֶועל אִיךְ קוּמֶען צוּ אַ צְוֶועק; אוּנ וֶוען ס'הַאנְדֶעלְט זִיךְ אַ עִנְיָן וָואס סַיין גַאנְץ לֶעבֶּען, מַיין צוּקוּנְפְט שְׁטֵייט אִין קָאן, דַאמָאלְס מַאכְט אִיהְר שְׁפַּאס פוּן מִיר? הַיינְט צוּ וָואס, צוּ וָואס הָאט אִיהְר מִיר דִי אוֹיגֶען גִיעֶפֶענְט? אוּנ אַף שְׁלֹמֹה'ס אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעווִיזֶען טְרֶערֶען.

— גִירֶעכְט. דֶערוֹיף הָאבּ אִיךְ דָאךְ גִיוָוארְט, נַארֶ'עלֶע

איינער נים דו ניט איך מיר האָבען בּיידע קיין טעות ניט געהאַט, איך האָב נאָך צייט מיין לעבען ניט גילאָזען קיין עבן אין מיטען, ווילסט פאָרען אין ווין סטודירען, דאָקטאָר פילאָסאָפיע? אָבער נאָר פילאָסאָפיע, אַז ניט וועל איך אַ פּרוטה ניט געבען. ווילסטו פאָרען? האָב איך דאָרט דעם פריינער, אויך אַ פילאָזאָף, אַזאַ היציגע קאָפּ וויא דו, מיינער אַ שוואָגער. קליין געלט אַף הוצאות וועל איך דיר געבען, אויף האָטען זיך, עסען וועסטו בּייא מיין שוואָגער... ווער אַדרבּה אַ מעש, וועט מיר אויך הנאה טאָן. — נו איז ווי בּלייבּט מיין קאפּיטאַר קאַמראַד! פאָרסט אין ווין?

— ס'איז דען אַן מיר גיוועגט? איך וואָלט ניט גיפאָרען, צו פוס וואָלט איך גיגאַנגען אַזוי ווייט וויל איך זיין גיבּילדעט, נאָר אַז מען וואָלט מיר געבען אוים קלייבען וואָס וויל איך בּעסער שטאַרבען אָדער אַוועק פאָרען אָן דיא עלטערענס ווישען.

— וואָלסטו אוים קלייבען דאָס ערסטע? האָט מיט אַ שמייכעל אָנגעטער מיזאָנט נערשעוויץ מאַלאַדייניע, דער פאַר האָב איך דיך ליעב, אונג אַזוי וויא דיינע עלטערען וועלען געזים ... וועלען, דוא וואָלסט ווערען אַ דאָקטאָר פילאָסאָפיע, וועסטו מוזען ווערען אַ! אַ! וואָס ווערט מען פון תלמודיצעסקע פאַקולטעט, דוא ווייסט ניט? קודם דעם רב'ס איין איידים, נאַכהער...

— איהר שפּאַסט ווידער ר' משה? האָט אים שלמה'לע אַ פרעגע גיטאָן מיט פאַר דרום.

— אַך נאָט מיינער האָט זיך מאָזעס צו לאַכט, ער וויל איך זאָל זיך דאָס לעבען נעמען, פון דעם, וואָס אַבּינדור דעם שוחט'ס זון, וועט קיין דאָקטאָר פילאָסאָפיע ניט זיין.

— אין שלמה'ס אויגען האָט זיך בּעוויזען ווי אַ בּייז פייערעל, זיין

(ויקט)

זַיין גֶעוִיכְט הָאט זִיךְ צוּ גֶערֶעקְט מִיט רוֹיטֶע פְלֶעקֶען, עֶר הָאט אֵיינִיגֶע סֶעקוּנְדֶען גֶעקוּקְט אַף מָאוֶעסֶען, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ צוּ לֵייגְט אִין זַיין ווִינ כְּרֶעסְלֶע אוּנ הָאט דוּרְךְ זַיין גַאוַואנֶער סִינַאר אוּנְטֶער גִישְׁמֵייכֶעלְט.

— אַ נוּטֶע נַאכְט ר׳ משֶׁה, הָאט זִיךְ שְׁלֹמֹה הַאסְטִיג אוֹיף גִיהֵייבֶּען פוּן אָרְט, אִיךְ הָאבּ אַ טָעוּת גִיהַאט.

— שְׁטֵיי, אַהֶער גֵיי מְשׁוּגָעֶנֶער נָאוֹן דוּ. הָאט מָאוֶעס אוֹיס גִישְׁרִיעֶן, וֶוען שְׁלֹמֹה הָאט שׁוֹין גִיוָואלְט אַרוֹיס פוּן טִיר. אִיךְ שְׁפַּאס אוּנ עֶר פְלִיהְט שׁוֹין אוּנ דוּ זָאגְסְט דָאךְ אַלֵיין אַז אִיךְ שְׁפַּאס, אוּנ פַאר אַ שְׁפַּאס אַנְטְלֵייפְט מֶען דֶען? אַךְ דוּ שְׁוֶועבֶּעלֶע, מַאלַארְיֶעץ, פְּרַאוַוא מַאלַאדְעץ. אִיךְ הָאבּ לִיבּ אַזַא.

— מִיר אִיז נִיט צוּם שְׁפַּאסֶען, ר׳ משֶׁה:

— ס׳טְרֵיישְׁט בְּלוּט פוּן הַארְצֶען הַא!

— דֶעם מָאל הָאט זִיךְ שְׁלֹמֹה׳קֶע אוֹיךְ צוּ לַאכְט. נוּא וָואס לַאכְט אִיהְר ר׳ משֶׁה טַאקֶע עֶנְדְלִיךְ דֶערוֹיף. עֶפֶּעס אִיז דָארְט אִין הַארְצֶען בַּייא מִיר אַזַא מְהוּמָה, אַז אִיךְ וֵויים שׁוֹין אַלֵיין נִיט וָואס דָארְט אִיז מִיפְּט בְּלוּט צוּ עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ...

— עֶהְר שְׁלֹמֹה, גִילֶעכְטֶער אָן אַ זַייט, אַז אִיךְ וָואלְט דִיךְ נִיט הַאלְטֶען פַאר אַ בַּר דַעַת, וָואלְט אִיךְ מִיט דִיר נִיט גִיפְּרַאוֶועט קַיין גִילֶעכְטֶער, דָאס לְכָל הַפָּחוֹת פַאר שְׁטֵייסְטוּ צוּ זַיין, אַלְזָא, ווִייל אִיךְ דוּ וָואלְסְט מִיר עֶנְטְפֶערֶען ווִי אַ בַּר דַעַת, אֶפֶּענְטְלִיךְ, אָן חַסִידֶעשֶׁע קָאמֶענְטַארִיֶעם מַחְשָׁבוֹתִין, וֵוייסְט וָואס אִיז קָאמֶענְטַארִיֶעם.

— אֵיינִיגֶע וֵויים אִיךְ, אַנְדֶערֶע נִיט.

— וָואס הֵייסְט?

— אָט לְמָשָׁל, אִיךְ וֵויים טַאקֶע נִיט פַאר וָואס אִיהְר נֶעמְט אִין

אִין מִיר אַזאַ טְהַייל, וָואס קֶער אַייךְ טַאקֶע אָן, צוּ אֲבִינְדוֹר דֶעם שׁוֹחֵט׳ס זוּן וֶועט זַיין אַ דָאקְטָאר, צוּא אַיין אַיידֶעם בַּייא דֶעם בִּינֶען רָב.

– אַהַא, דוּ ווילְסְט שׁוֹין אַלְץ מִיט אַמָאל וויסֶען. – וַוארְט וֶועה, עֶנְטְפֶער מִיר פְּרִיעֶר וָואס אִיךְ וֶועל דִיךְ פְּרֶעגֶן, זָאג מִיר שְׁלֹמֹה׳לֶע ווי גִיפֶעלְט דִיר מַיין טָאכְטֶער? מֶען רֶעדְט אִיהְר אִיצְט אַ שִׁדוּךְ, מִיט אַ דָאקְטָאר, אֶמֶת זִיא קָאן נָאךְ וַוארְטֶען, אִיהְר אִיז עֶרְשְׁט 15 יָאהְר, אָבֶער וויא זָאגְסְטוּ מַיין טָאכְטֶער וֶועט גִיפֶעלֶען?

– אַ קַשְׁיָא אַ בִּיסֶעל, עֶנְטְפֶערְט שְׁלֹמֹה רוֹיט וֶוערֶענְדִיג. מֶען דַארְף זַיין בְּלִינְד זִיא זָאל נִיט גִיפֶעלֶען.

– אוּנ דוּ וָואלְסְט זִיא גֶעמֶען פַאר אַ כַּלָה?

– אִיהְר לַאכְט ווידֶער פוּן מִיר...

– נוּא, וֶוער ווייס! דוּ גֵייא אַהֵיים דֶער וַוייל, אִיךְ וֶועל בַּאלְד אַליין זַיין בַּייא דַיין טַאטֶען.

– שְׁלֹמֹה אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן מָאזֶעס גֶערְשֶׁעוִויץ וויא בֶּעצוֹיבֶּערְט. עֶר הָאט זִיךְ אָן גִישְׁטוֹיסֶען, אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט מִיט אִים מָאזֶעס, גִימַאכְט דֶעם שְׁמוּעֶס. אוּנ אִיז גִיקוּמֶען אַהֵיים אַסַךְ פְרֵיילִיכֶער ווי עֶר אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען. –

# 8.

– וויא עֶרְשְׁטֵיינְט אִיז גִיוָוארֶען אַבִינְדוֹר דֶער שׁוֹחֵט, וֶוען עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב זַיין בְּלוּטִיגֶען שׂוֹנֵא, מָאזֶעס גֶערְשֶׁעוויץ. עֶר הָאט שְׁנֶעל פַאר מַאכְט דֶעם תְּבוּאַת שׁוֹר אִין וֶועלְכֶע, עֶר הָאט אַרַיין גִיקוּקְט, אוּנ הָאט וויא עֶפֶּעס אָן גִיהֵייבֶּען זוּכֶען, הָאץ עֶר הָאט גָאר נִישְׁט בִּידַארְפְט גִיפִינֶען.

– בִּיאוּמְרוּהִיגְט זִיךְ נִיט ר׳ אֲבִינְדוֹר, – אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען צוּ

אַיך וויא צו אַיין עֶהְלִיכֶען יודען, פְרֶעגֶען בּייא אַייך, מִיט וָואס אַיינְגֶעטְרֶעפְט הָאבּ איך אַייער שְׁלֹמֹה'לֶען פון וֶועג אַרָאפּ גִיפִירְט?

— אַז איהר פְרֶעגְט שוין ר' משֶׁה וֶועט איהר מִיר אויך עֶרְלויבֶּען פְרֶעגֶען בּיי אַייך, הַגַם בּיי אַנְדֶערֶע פְּרָטִים וָואלְט איך זִיך נִיט אַטְוַואזֶען פְרֶעגֶען אַייך קַשְׁיוֹת, נָאר אַז דָא גֵייט אַ עִנְיָן וֶועגֶען מַיין בֶּן יָחִיד, וֶועל איך אַייך יָא אַ פְרֶעג טָאן.

— פַאר וָואס גִיפֶעלְט אַייך נִיט, ווי אַ פְרֶעמְדֶער טַאטֶע עֶרְצִיהְט זַיינֶעם אַיין אֵיינֶענֶעם און אַייעֶרֶען אַ ווילְד פְרֶעמְדֶע קִינְד? אַדְרַבָּה נִיט מִיר דֶערוֹיף אַ תֵּירוּץ, וֶועל איך אַייך עֶנְטְפֶערְן אַף אַייער קַשְׁיָא.

— הֵייבּט זִיך אָן מִיט אַ יודען! אויף אַ קַשְׁיָא, עֶנְטְפֶערְט עֶר שְׁטֶענְדִיג מִיט נָאך אַ קַשְׁיָא. — עֶרְשְׁטֶען בֶּעט מִיך זִיצֶען ר' אֲבִיגְדוֹר, אֲפִילוּ אַייעֶר זון אַז קוּמְט צו מִיר בֶּעט איך אִים אויך זִיצֶען, און אַייך וָואלְט איך אַלֵיין אונְטֶער טְרָאגֶען אַ שְׁטוּל...

— אַך, זַייט אַזוֹ גוּט. און אֲבִיגְדוֹר הָאט אִים אונְטֶער גִיטְרָאגֶען זַיינֶע אֵיינֶענֶע שְׁטוּל. —

— און איהר וָואס שְׁטֵייט?

— איך וַוארְט אויף אַייעֶר עֶנְטְפֶער.

— אַך! זַייט איהר אַ בֵּייזֶער יוּד. נוּא מֵילָא איך וֶועל אַייך עֶנְטְפֶערֶען אַ תֵּירוּץ... איך וויל נִיט מֶעהְר און נִיט וֵוייניגֶער וויא אַייער שְׁלֹמֹה'ן, פַאר אַיין אֵיידִים? נוּא! גִיפֶעלְט אַייך דֶער שִׁדוּך?

— מַיין שְׁלֹמֹה'ן פַאר אַיין אֵיידִים?... איך פַאר שְׁטֵיי נִיט איהר זַייט נָאך גִיקוּמֶען לַאכֶען פון מִיר, איהר זַייט דָאך אַן אֵיידֶעל מַאן, הַיינְט וויא אַזוֹי...

— אַיי לָאזְט צוּא רוּהֶה ר' אֲבִיגְדוֹר, גִינוּג אַייך נַארֶעשׁ מַאכֶען זִיך, איהר ווייסְט אַלֵיין נִיט וָואס פַאר אַ סְחוֹרָה איהר הָאט, אַ גְרֶעסֶער מֵבִין זוּכְט איהר. גִיוָואלְט פַאר הַאנְדְלֶען אִים דֶעם הִיגֶען

רֶבּי׳ל, אַגוּטֶען גִישֶׁעפְּט וָואלְט אִיהְר גִימַאכְט. –

– גְוַואלְד ר׳ מֹשֶׁה, אִיהְר הָאט מִיר גָאר אַזוֹי וִויא חָלֶעבֶּען...
וֶוער זָאל זִיךְ רִיכְטֶען, עֶפֶּעס וַוייסְט אִיהְר.. גְלֵייבְּט זִיךְ מִיר אַלְץ
נִיט.. וָואס זָאגְסְטוּ אַבִּיסֶעל, הָאט אֲבִיגְדוֹר גִינוּמֶען אִיבֶּער לֵייגֶען
אַיין סֵפֶר, אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען.. נוּא רבש״ע, מִן הַסְתָּם פִּירְסְטוּ
וִויא בֶּעסֶער אִיז.. אוּנ דִיא כַּלָה וָואס?.. בַּייא אַייךְ אִיז דָאךְ
אַ מָאדֶע, אַז מֶען פְּרֶעגְט..

– דָאס אִיז דֶער חִסָרוֹן, וָואס בַּייא אַייךְ אִיז דָאס קַיין מָאדֶע
נִיט, הָאט מָאוּעס גִיעֶנְטְפֶערְט שְׁמֵייכְלֶענְדִיג. אִיהְר וָואלְט –
פְּרֶעגְט אַייעֶר שְׁלֹמֹה׳ן, וָואלְט עֶר אוֹיךְ שׁוֹים גִיזָאגְט וֶועמֶען עֶר
וִויל. – אִיךְ הָאבּ גִיוִויס נִיפְרֶעגְט, זַייט רוּהִיג...

– אוּנ מַיין חָסִידְל! גִיפֶעלְט אַייעֶר טָאכְטֶער?...

– נָאךְ אַ סִין נִיפֶעלֶען, נוּא ר׳ אֲבִיגְדוֹר, וֶוער וֶועמֶען הָאט פוּן
דֶעם אַרָאפּ גִיפִירְט, אִיךְ אַייעֶר זוּן, צוּא אַייעֶר זוּן מַיין טָאכְטֶער...

– אַיי שְׁלֹמֹה! וָואס זָאגְסְטוּ אוֹיף דֶעם קוּנְדֶעס... נָאר עכ״פ
וָוארְט נָאר אִיהְר רוּפְט דָאס אָן „אַרָאפּ גִיפִירְט״, אֶפְשַׁר אִיז עֶר נָאר
אַייעֶר טָאכְטֶער צוּם הַארְצֶען אוּנ אַייךְ..

— גְוַואלְד, אִיךְ וֶועל הַיינְט שְׁטַארְבֶּען פוּן דֶעם יוּדֶען.
מַחְשָׁבוֹתֶן פוּן מַיין מְחוּתָּן, אִיהְר וִוילְט גָאר אָן אַ פְּגִימָה, וֶוען אִיךְ
זָאל אִים נִיט וֶועלֶען, וָואלְט עֶר מַיין טָאכְטֶער גָאר נִיט אָן גִיקוּקְט,
אִיךְ.. אִיךְ, ר׳ אֲבִיגְדוֹר, הָאבּ זַייא בִּיקַאנְט גִימַאכְט..

– חַנָה! חַנָה! אַהֶער גֵייא, הָאט אֲבִיגְדוֹר אוֹיס גִישְׁרִייעֶן
מִיט הִתְפַּעֲלוּת...

– נוּא מַיין ווַייבּ גִיבּ אַבִּיסֶעל שְׁפִּירְט, פַאר בַּייסֶען. ר׳ מֹשֶׁה
בֶּערְשֶׁעוִויץ אִיז שׁוֹין נִיט מַיין גְבִיר.

– וָואס רֶעדְסְטוּ, אֲבִיגְדוֹר, נָאט אִיז מִיט דִיר.

– פַאר שְׁטֵייט זִיךְ, אַז אִיךְ בִּין מִיט ר' משֶׁה'ן אַ מְחו
גִיוָואָרֶען, בִּין אִיךְ אַזַא גְבִיר וִויא עֶר.

— נִירֶעכְט מְחוּתָּן, קְלוּג גִיזָאגְט, אַייךְ קוּמְט אַ קוּשׁ.. אוּנ
מְחוּתָּנִים הָאבֶּען זִיךְ הֶערְצְלֶעךְ צוּא קוּשְׁט....

— אַ מְחוּתָּן, הָאט חַנָה אוֹיס גִירֶעדְט עֶנְטְצִיקְט. לָאז זַיין
מַזָל. נָאט אִיז גִירֶעכְט, זַיין מִשְׁפָּט אִיז גִירֶעכְט, אָט אִיז דֶער
אוֹיךְ דָא.

– שְׁלמה'לֶע, אִיז גִיבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין בַּאם טִיר, אוּנ הָ
אַלֶעמֶען וִויא וִוילְד אָן גִיקוּקְט...

– נוּא, מוּ״ט דִיר מַיין זוּן. הָאט אִים דִיא מַאמֶע אַ קוּשׁ גִיטָ

– אַהֶער גֵייא קוּנְדָס, הָאט אֲבִינְדוֹר אִים צוּא גִירוּפֶען. אַ
אִיז דָאס, נָאר אָן מַיין יְדִיעָה, גִיפֶּעלֶען דֶער כַּלָה, דֶעם מְחוּ
אַלֶעמֶען, אַיי שְׁלמה'לֶע, נוּא קוּם אַהֶער מַיין זוּן.. אוּנ ווִידֶער גִיקוּ
ווִידֶער מז״ט, הַכְּלַל אִין אֲבִינְדוֹר'ס הוֹיז אִיז גִיוֶועזֶען שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן.

## עֶפִּילָאג.

דִיא רֶעבֶּעצֶען הָאט זִיךְ שְׁיער אַ מַעֲשֶׂה נִיט אָן גִיטָאן פוּן הַ
ווֵייטָאג, דֶער רָב אִיז גִיוֶוען אוֹיף שְׁלמה'ס חֲתוּנָה, נָאר צוּא מְ
קְדוּשִׁין, אִים אִיז עֶפֶּעס פְּלוּצִים נִיט גוּט גִיוָוארֶען. שְׁלמה הָט אַיין
יָאהְרְצֵייט פוּן תְּנָאִים בִּיז חֲתוּנָה נָאךְ פִיל קָאנְטְשַׁאפְט עֶרְוָוארְב
אוּנ דִיא גְלִיקְלֶעכֶע פָּאר פָּאלְק, לֶעבְּט נָאךְ עַד הַיּוֹם אִין קַאייךְ
זֵייא זַיינֶען גִיזוּנְט, רַייךְ, אוּנ הָאבֶּען נַחַת פוּן קִינְדֶער.

עֶנְדֶע

# רשימה פון קליינע מעשיות עברי טייטש.

1) אטויטער בעוה"ז
2) אכדאיע זאך חלעב'ן
3) א מיאיסער טעות
4) אברהמ'על'ע בע"ג
5) איין זאהן פון איין בעזוריעטניק
6) אייזיקיל ליץ
7) א מעשה פון ארב מיט ארעבעצן
8) אניפערליכע טריט
9) אונגליקליכע אסתר
10) א לעבעדינע מצבה
11) אונגעריכטער גליק
12) בער'ציק דער יתום
13) באמקע פייפער
14) בעלאהנונג
15) בעטראגינע ליעבע
16) געלד אונד ליבע
17) דער גרינער אונד דער דזענטלמאנן
18) דער זינדיגער
19) דער ממזור אלס דאקטאר
20) דער שמיד אלס דאקטאר
21) דער חתן אלס דאקטאר
22) דער יודישער גבור
23) דער גלאמפישקער פרעזידענט
24) די גרושה
25) דער ממזור
26) די אריסטאקראטקע
27) די בלאנדע אונד די שווארצע
28) חצקיל די באבעס זאהן
29) חנוכה ליכטיל
30) חייקע די שוועבעלע
31) ט"ו כסליו
32) יאיצא קורי אוצאט
33) ליבע נאכען טויט
34) לעבדיגער יתום מחותנים פון שונאים
35) מאטקע פליך
36) מקח טעות
37) נייעס פון יענער וועלט
38) פארלארענער בריף
39) קינד אין קארן
40) קינד פון ים
41) קיידאנער עלוי
42) רייכע לאנד
43) ריכארד צווישען שפאנישע מערדער
44) שטיף מוטער
45) די שטאלצע קורלענדערין
46) שרעקליכער חלום

# גרויסע מעשיות וועלכע עס שטייט ניט אין קאטאלאג

1) אננא גרינאריעוונא
2) ביין שטן אין האנד אראמאן אין 2 טייל
3) בעלי תשובה
4) גראף אונ יידין אראמאן אין 2 טייל
5) דוד בן דוד אראמאן אין 4 טייל
6) מלחמה פאר'ן לעבען אראמאן אין 2 טהייל
7) פארן גלויבען אונ פאר'ן פאטערלאנד איין היסטארישער ראמאן פון דער צייט פון דעם חורבן בית שני אין 4 טהייל
8) פיבעל אדער שרייב אונד לעזע ביכליין אין 8 טאגען לעזען אונ שרייבען
9) צוויא גלייכע שדוכים אראמאן אין צוויי טהייל
10) קורץ אונ שארף אנעקדאטען בוך
11) תוכחת חיים.
12) מוסר השכל

№. 4.

א. קאָטיק'ס אויסגאַבען.

וויסענשאַפטליכע פאָלקס-ביכער.

# וועגען לופט

פערפאַסט פאָן יאנישעווסקי.

איבערזעצט דורך

ד. פולס.

מיט ריסונקעס צום ענדע.

צווייטע אויסגאבע

ווארשא

דרוק האַלטער עט אייזענשטאַדט, נאַלעווקי 7.

תרנ"ח.

# ВЕГЕНЪ ЛУФТЪ

т. е. О воздухѣ

Соч. ЯНИШЕВСКАГО

*пер. съ русскаго Д. Пульсъ*

2-ое изданіе А. Котика.

ВАРШАВА. 1898.

Тип. М. И. Гальтера и М. Айзенштадта, Налевки 7.

Дозволено Цензурою
Варшава, 10 Февраля 1898 г.

I.

## ווִי גֶעפִינְט מֶען לוּפְט ?

אַ מָאדְנֶע פְרַאגֶע! אִיהְר ווִילְט מִיךְ אֶפְשַׁר פֶערְרִיכְטֶען און זָאגֶען מִיר, אַז אִיךְ מַיין מִיט מַיין פְרַאגֶע: ווִי גֶעפִינְט מֶען פְרִישֶׁע לוּפְט? אִיהְר פֶערְשְׁטֶעהְט, אַז מֶען קֶען גֶעפִינֶען גֶעלְד, אוֹיף אַ פְרִיץ הָאט נוּר פֶערְלָארֶען, מֶען קֶען גֶעפִינֶען אֲפִילוּ אַ בֶּעשֶׁערְטֶען אָדֶער אַ בֶּעשֶׁערְטֶע, — אָבֶער גֶעפִינֶען לוּפְט? אִיז דֶען לוּפְט אַ זַאךְ, וָואס הָאט אַמַמָשׁוּת? אַ זַאךְ, וָואס מֶען קֶען אָנְנֶעהְמֶען און אַרַיינְלֶעגֶען אִין קֶעשֶׁענֶע? לוּפְט אִיז... לוּפְט! מֶען דַארְף נוּר אַרוֹיס־קוּקֶען פוּן פֶענְסְטֶער... אָט דִי גַאסס אִיז לוּפְט!

דָאס מָאהְל, זֶעהְט אִיהְר, הָאט אִיהְר אַ טָעוּת, נִישְׁט אִיךְ. דִי לוּפְט אִיז טַאקִי אַ זַאךְ ווִי אַלֶע זַאכֶען; זִי אִיז אַ קֶארְפֶּער, גְלַייךְ מִיט אַלֶע קֶארְפֶּער. און מֶען דַארְף זִי קֶאנֶען גֶעפִינֶען. מִיר נֶעמֶען אַ בּוּךְ, אוּנְזֶער נָאז־טִיכֶל, אַ פָּאכֶער, און פָאכֶען אוּנְז אִין גֶעזִיכְט: עֶפֶּיס קִיצֶעלְט אוּנְז, דָאס קִיצֶעלְט דִי לוּפְט, וֶועלְכֶע מִיר בֶּעוֶועגֶען, רִיהְרֶען מִיט אוּנְזֶער פָאכֶען. אָט אִיז אַ לֶעדִיגֶע גְלָאז מִיר ווֶעלֶען אַלֶע שְׁוֶוארֶען אוֹיף אוּנְזֶער יוּדִישְׁקַייט, אַז דִי גְלָאז אִיז אַ לֶעדִיגֶע, נוּר מִיר שְׁוֶוארֶען פַאלְשׁ. מִיר ווֶעלֶען אִיבֶּערְקֶעהְרֶען דִי גְלָאז אִין אַ שִׁיסֶעל מִיט וַואססֶער. דִי גְלָאז וֶועט נִישְׁט אַרָאבּפַאלֶען, אָבֶער אַז מִיר ווֶעלֶען זִי צוּדְרִיקֶען מִיט דֶער הַאנְד, וֶועט זִי זִיךְ שְׁטֶעלֶען אוֹיפִין דֶעק פוּן שִׁיסֶעל; נוּר וַואססֶער וֶועט נִישְׁט אַרַיין אִין אִיהְר, אַבִּיסֶל, מֶעהְר נִישְׁט. פַאר וָואס זְשֶׁע אִיז דָאס? דָאס אִיז דֶערְפַאר, ווָאס דִי גְלָאז אִיז נִישְׁט לֶעדִיג, נוּר אָנְגֶעפִילְט מִיט לוּפְט, און דִי לוּפְט לָאזְט נִישְׁט אַרַיין דָאס וַואססֶער אִין גְלָאז, גְלַייךְ ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען, מִיט ווֶעלְכֶע דִי גְלָאז וָואלְט גֶעוֶועזֶען פֶערְנוּממֶען, אָנְגֶעפִילְט.

אִין אַ פְלַאשׁ וָועלֶען מִיר אַרַיינְשְׁטֶעלֶען אַ טְרִיכְטֶער —

אַ לײקע — און אַרומקלעבען איהן אַזױ בײם לאָך פון פלאַש, אַז די לופט זאָלל נישט קאָנען אַרױס. יעצט װעלען מיר גיעסען װאַסער אין טריכטער. דאָס װאַסער געהט נישט אין פלאַש! װאָרום? די לופט לאָזט נישט. והאַ ראַיה, מיר װעלען אָבקלעבען דאָס לאָך — און דאָס װאַסער גיעסט שױן: די לופט איז אַרױס.

פון דאַנען איז שױן אַ ביסעל געדרונגען, אַז לופט איז אַ קערפּער, װאָס מוז פערנעהמען אַ בעװאוסטען אָרט. און לאָזט מען זי נישט אַרױס, װעט זי פון איהר אָרט נישט אָבטרעטען און װעט איהן נישט לאָזען פערנעהמען. נור, װעלען מיר זאָגען, די לופט איז אַ קאָרפּער, װעלכען מען קאָנן נישט זעהען. דאָך... מיר װעלען אַראָבלאָזען אַ פלאַש אין אַ שיסעל מיט װאַסער און אָנהעבען אַרײנלאָזען אין איהר װאַסער. אין גיכען װעלען זיך בעװײזען פון האַלזעל בלאָזלעך — פּוזירקעס. דאָס איז די לופט, װעלכע דאָס װאַסער שטופּט אַרױס פון פלאַש. אָט האָבען מיר געזעהען די בלאָזלעך, האָבען מיר געזעהען אַלזאָ די לופט. נור דאָ אין די בלאָזלעך זעהט זי אױס גאָר אָהן אַ קאָליער, אָהן אַ פאַרב, אָבער אין דר'אמתן איז עס נישט אַזױ. מיר געהען אַרױס אין פעלד און קוקען אױף אַ װײטען — װײטען װאַלד; דער טאָג איז אַ קלאָרער, אָהן װאָלקען, די זונן שײנט העלל און דאָך איז דער װאַלד פערצױגען מיט עפּיס אַ בלױליכען נעבעל — טומאַן. דער בלױליכע נעבעל — איז די לופט, װעלכע בעקומט אַ בלױען קאָליער, אַ בלױע פאַרב, אַז זי איז דאָ אַ סך. צו איז אפשר דאָס, װאָס מיר רופען אָן „בלױער הימעל", נישט מעהר װי די לופט, װעלכע בעטעט זיך אױס אין דער הױך?...

אַז מענשען האָבען דאָס אַלץ דערװאוסט װעגען דער לופט, האָבן זײ זיך אָנגעהױבען מיט איהר בענוטצען. לאַנג האָבען מיר נישט געװאוסט, װאָס טהוט זיך אױפ'ן דעק פון ים, װײל אַראָב־לאָזען זיך אַהין האָט קײנער נישט געקאָנט. יעדער פון אונז, װער עס האָט געפּרובט אַראָבלאָזען זיך אונטער'ן װאַסער, האָט בעמערקט, אַז מען קאָנן נישט פערבלײבען לאַנג אונטער'ן װאַסער — מען װערט דערשטיקט, און װי מען שװימט נור אַרױס, העבט מען

אָן שְׁטַארְקֶער צוּ אָטְהֶמֶען, אַרַיינְצוּנֶעהְמֶען אִין זִיךְ, וָואס מֶעהְר לוּפְט; הֵייסְט עֶס, אַז אִין וַואססֶער וֶוערְט מֶען דֶערְשְׁטִיקְט דֶערְפַאר, וָואס עֶס אִיז נִישְׁט דָא קֵיין לוּפְט צוּם אָטְהֶמֶען. וִוי זְשֶׁע קוּמְט מֶען צוּ צוּ'ם גְרוּנְד פוּן יַם, צוּ וֶועלְכֶען — דָאס הֵייסְט, צוּ'ם גְרוּנְד — עֶס אִיז אָפְט אֵיינִיגֶע וְויֶערְסְט אוּנ דֶערְגְרֵייכֶען דַארְף גֶעדוֹיֶערן גַאנְץ לַאנְג? דַארְף מֶען, הֵייסְט עֶס, גֶעפִינֶען אַ מִיטֶעל וִוי צוּ צוּשְׁטֶעלֶען דֶעם אוּנְטֶער-וַואססֶער-שְׁווִימֶער לוּפְט. אַז מֶען הָאט בֶּעמֶערְקְט, אַז דִי לוּפְט לָאזְט נִישְׁט אַרַיין אִין אַיין אִיבֶּערגֶעקֶעהְרְט גְלָאז קֵיין וַואססֶער, הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען גְלֶאזֶערְנֶען גְלָאק, אַיינגֶעאָרְדְנֶעט אִין אִיהְם אַ בֶּאנְקֶעל, אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט אוֹיף דָאס בֶּאנְקֶעל אַ מֶענְשֶׁען אוּנ צוּ'ם גְלָאק צוּגֶעבּוּנְדֶען אַ שְׁוֶוערֶע מַשָּׂא אוּנ אַרָאבּגֶעלָאזֶען אִיהְן אִין וַואססֶער, דֶער מֶענְשׁ אִין אֵיינֶעם מִיטְן גְלָאק הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוֹיפְ'ן גְרוּנְד פוּן יַם אוּנ גֶעהַאט אַרוּם זִיךְ גֶענוּג לוּפְט צוּ'ם אָטְהֶמֶען. אוֹיף אַזַא אוֹפֶן, הָאט מֶען בֶּעקוּמֶען דִי מֶאגְלִיכְקֵייט צוּ דֶערְווִיסֶען, וֶוער, וָואס אוּנ וִוי לֶעבְּט אוּנ טְהוּט אוֹיפְ'ן גְרוּנְד פוּן יַם.

## II.

## צוּ אִיז אוּמֶעטוּם דָא לוּפְט?

יֶעטְצְט הָאבֶּען מִיר דֶערְוואוּסְט, אַז לוּפְט אִיז פֶּערְהַאנֶען, אַז מֶען קָאנֶן זִי זֶעהֶען, וַוייל זִי הָאט אַ קָאלִיער, אַז זִי פֶּערְנֶעמְט אַיין אָרְט אוּנ לָאזְט גָאר נִישְׁט פֶּערְנֶעהְמֶען דֶען אָרְט, כָּל זְמַן זִי אִיז אוֹיף אִיהְם; שְׁפֶּעטֶער וֶועלֶען מִיר בֶּעקַאנְט וֶוערֶען מִיט אִיהְרֶע אִיבְּרִיגֶע אֵייגֶענְשַׁאפְטֶען, טֶבַע'ס. נוּר אַ פְרִיהֶער וֶועלֶען מִיר אוּנְז נָאךְ פֶּערְגֶעבֶּען אַ קַשְׁיָא: צוּ גֶעפִינֶען מִיר אוּמֶעטוּם לוּפְט צוּ נִישְׁט? דִי גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען לַאנְג גֶעזוּכְט אַזַא אָרְט, וואוּ קֵיין לוּפְט זָאלל נִישְׁט זַיין, אוּנ הָאבֶּען נִישְׁט גֶעפוּנֶען. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף הוֹיכֶע בֶּערְג, אַרָאבְּגֶעלָאזֶען זִיךְ אִין טִיעפֶע גְרִיבֶּער, אִין טְהָאלֶען, קֶעללֶער, בְּרוּנֶען'ס אוּנ אוּמֶעטוּם גֶעפוּנֶען לוּפְט. נוּר וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף בֶּערְג, הָאבֶּען זֵיי בֶּעמֶערְקְט,

אַז וָואס הָאבּער מֶען קְרִיעכְט, וֶוערְט אַלְץ שְׁטְעֶרְעֶר דִי לוּפְט, עֶס וֶוערְט שְׁוֶוערֶער צוּ אָטְהֶמֶען. אוּנְטֶען דַארְף אַ מֶענְשׁ אָבּ-אָטְהֶמֶען אִין אַ מִינוּט זִיעבְּצֶעהְן צוּ אַכְטְצֶעהְן מָאל, אוּנ אוֹיפֶ׳ן שְׁפִּיטְץ בַּארְג — דְרַייסִיג, פִירְצִיג אוּנ אֲפִילוּ פוּנְפְצִיג מָאל. אוּנְטֶען אִין זִיעבְּצֶעהְן מָאל נֶעמְט עֶר אִין זִיךְ אַרַיין לוּפְט, וִוי פִיעל אוֹיבֶּען אִין פוּנְפְצִיג מָאל. שׁוֹין אִין דֶער הוֹיךְ פוּן 12 אָדֶער 13 טוֹיזֶענְד פוּס *) הֶעבְּט מֶען זִיךְ אָן צוּ פִיהְלֶען נִישְׁט גוּט: דִי הֶאנְד אוּנ פִיסְס חַלִישִׁין אוּנ עֶס אִיז שְׁוֶוער אָבְּצוּגֶעהְן אֲפִילוּ דִי קְלֶענְסְטֶע שְׁטְרֶעקֶע, דֶען קְלֶענְסְטֶען מַהֲלָךְ; אִין דֶער הוֹיךְ פוּן 16 טוֹיזֶענְד פוּס קָאנְן דֶער שְׁטַארְקְסְטֶער אוּנ גֶעזִינְדְסְטֶער מֶענְשׁ נִישְׁט מַאכֶען קֵיין צֶעהְן טְרִיט, עֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט דַארְפֶען צוּ זֶעטְצֶען אוּנ אָבְּרוּהֶען; עֶנְדְלִיךְ, וֶוערְט דִי לוּפְט אַזוֹי שִׁיטְעֶר, אַז וִוי אָפְט דֶער רַייזֶענְדֶער זָאל נִישְׁט אָטְהֶמֶען, וֶועט שׁוֹין אִיהְם אַלְץ קֵיין לוּפְט נִישְׁט חַאפֶּען אוּנ דֶער מֶענְשׁ הֶעבְּט זִיךְ אָן שְׁטִיקֶען, דָאס הַארְץ קְלַאפֶּט אִיהְם שְׁטַארְקֶער אוּנ אָפְטֶער, אִין דִי אוֹיעֶרן רוּישְׁט אוּנ קְלִינְגְט, דִי אָדֶערְן אִין גֶעזִיכְט גִיעסֶען זִיךְ אָן מִיט בְּלוּט, דִי פִינְגֶער פְרִיעֶרֶען אוּנ זָאגֶען זִיךְ אָב צוּ דִינֶען, מֶען וֶוערְט נִישְׁט בַּיי׳ם זִינְן אוּנ דֶער מֶענְשׁ שְׁטַארְבְּט. דֶער הֶעכְסְטֶע אָרְט, בִּיז וֶועלְכֶען מֶענְשֶׁען הָאבֶּען דֶערְגְרַייכְט, גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף צֶעהְן וֶוערְסְט אִיבֶּער דֶער עֶרְד; אַהִין הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צְוַויי גֶעלֶעהְרְטֶע: קְלֶעמֶער אוּנ קָאקְסְוֶועל אוֹיף אַ לוּפְטְבַּאלָאן אוּנ שִׁיער מַאקִי נִישְׁט בֶּעצָאהְלְט דֶערְפַאר מִיט זַייעֶר לֶעבֶּען. אָט וִוי אֵיינֶער פוּן זֵיי דֶערְצֶעהְלְט וֶועגֶען דֶעם: „וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אִיז דֶער טָאג גֶעוֶועזֶען קְלָאר, אָהְן וָואלְקֶען, וַוארם אוּנ כִּמְעַט אָהְן אַ וִוינְד; אוּנְזֶער לוּפְטְבַּאלָאן הָאט זִיךְ לַאנְגְזַאם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַלְץ הֶעכֶער אוּנ הֶעכֶער; מִיר זֶשֶׁע הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען פֶערְשְׁרַייבֶּען דִי הוֹיךְ, אוֹיף וֶועלְכֶער מִיר הֶעבֶּען זִיךְ אוֹיף אוּנ אַלְץ, וָואס מִיר פִיהְלֶען; בֶּעשְׁלָאסֶען הָאבֶּען מִיר אוֹיפְהֶעבֶּען זִיךְ אַזוֹי הוֹיךְ, בִּיז וַואנֶען עֶס וֶועט נוּר מֶעגְלִיךְ זַיין. בִּיסְלֶעכְוַוייס הָאט דִי שְׁטָאדְט מִיט דִי מֶענְשֶׁען

---

*) אַ פוּס (פוּט) אִיז אַ מָאסס פוּן דער לאַנג אוּנ אִיז אִין זִיעבְּצֶען כּאָל קלענער אַלס אַ סאזשען — אַ קלאַפטער, דאָס הייסט, אַז אִין אֵיין קלאַפטער זַענען זִיעבְּצֶען פוּס.

אנגעהויבען פערשווינדען, פערדעקען זיך פון אונזערע אויגען. די מענשען האבען אונז אנגעהויבען אויסזעהן ווי קליינע שווארצע פינטעלעך. דערנאך זענען פערוואנדעלט געווארען אין א וואלכע פינטעלעך הייזער, קלויסטער'ס, גאר די העכסטע און גאר די גראסטע געביידען און ענדליך האבען זיי זיך אויפגעהערט צו זעהען און די ערד האט זיך פון אונז פערדעקט מיט עפים א בלויליכען נעבעל-שלייער. דער לופטבאלאן האט זיך געהויבען אלץ העכער און העכער; מיר האבען דערפיהלט א קעלט און געמוזט זיך ווארמער אנטהון; מיר האבען פערשריבען די הויך: עס איז געוועזען ביי דריי ווערסט. אין דער צייט זענען מיר געוועזען ארומגערינגעלט מיט א מאססע דאמפף, דערנאך זענען מיר ארויסגעשוואומען אויף דער זונן; דער הימעל איז יעטצט געוועזען פריי פון וואלקענס און פאר אונז האט זיך אויפגעאפפענט א הערליך בילד פון א ים מיט וואלקענס אונטער אונז און מיט א לאנגער—לאנגער קייט פון בעזילבערטע בערג-שפיטצען. מיר הענען זיך אויף אלץ העכער און העכער, עס ווערט אלץ קעלטער און קעלטער, און חאטש מיר זיטצען רוהיג אין שיפעל פון לופט-באלאן, נור מיר מוזען אזוי שטארק און שווער צואטהמען, גלייך מיר וואלטען ארויפלויפען אויף א הויכען בארג. העכער, העכער! זאגען מיר צו זיך און ווארפען אראב איינינע זעק מיט זאמד, וועלכע זענען געוועזען אויסגעלעגט אין שיפעל אלס באללאסט; דער לופטבאלאן האט א ציטטער געטהאן און אויפגעהויבען זיך מיט א מאל אויף עטליכע קלאפטער, גלייך ער וואלט א שפרונג געטהאן; איך האב נישט אראבגענוממען די אויגען פון די אינסטרומענטען און פער-שריבען די הויך; עס איז שוין געוועזען מעהר אלס 6 ווערסט די הויך. מיר האבען זיך אלץ געהויבען, ביסלעכווייס ארויסווארפענדיג איינען נאך דעם אנדערן די זאק; די לופט איז אויף דער הויכקייט געוועזען אזוי שיטטער, אז מיר האבען קוים געאטהעמט, דאס הארץ האט אונז געקלאפט אונגעהייער אפט, אין די אויערן האט גערוישט, דער בלייששטיפט האט זיך קוים געהאלטען אין מיינע האנד, מיין חבר איז גאר געבליבען אן כוחות. איך האב א קוק געטהאן אויף די אינסטרומענטען און דערזעהען, אז עס איז 10 גראד פראסט

דאָטש אונטען איז געוועזען א װאַרמער זוממערדיגער טאָג. דערנאָך איז אונזער לאַגע נאָך ערגער געוואָרען, מיר האָבען פון דעסטוועגען אַרויסגעװאָרפען נאָך איינעגע זאַק אונ אין צעהן מינוט אַרום איז שוין דער לופטבאַלאָן געוועזען אויף זעקס אונ צוואַנציג טויזענד פוס די הויך (אַרום אַכטהאַלבען װערסט). עס איז געוועזען פונפצעהן גראַד פראָסט. מיין פריינד האָט געאָטהעמט אַלץ שווערער; מיר האָבען אַרויסגעוואָרפען נאָך עטליכע זאַק אונ אויפגעהויבען ביז נייען אונ צוואַנציג טויזענד פוס; דאָ האָב איך אָנגעהויבען פערליערען די ראִיה אונ נישט געקאָנט שוין איינקוקען זיך אין אינסטרומענט; איך האָב געוואָלט בעטען דעם פריינד העלפען מיר; נור ער איז געוועזען פערנומען מיט זיין זאַך. אין גיכען האָב איך דערפיהלט, אַז מיינע הענד פריערען. איך האָב געפרובט מאַכען אַ בעוועגונג; דאָס איז מיר געגאָלטען, נור דערביי האָב איך בעמערקט, אַז איך האָב עפּיס נישט קיין הענד אונ נישט קיין פיס; מיין קאָפּף האָט זיך אַראָבגעבויגען צום אַקסעל אונ איך האָב געוואָלט נאָך אַ מאָל אַ ריהר טהון זיך, נור איך האָב שוין נישט געקאָנט אויפהעבען אַ האַנד. — איך בין געבליבען אָהן כוחות אונ געפאַללען אין שיפעל; איך האָב אָנגעשטעללט מיינע אויגען אויפ'ן פריינד — ער האָט זיך מיר פאָרגעשטעללט ווי אין אַ נעבעל; איך האָב געוואָלט עפּיס זאָגען, נור נישט געקאָנט. דערנאָך האָב איך אויגענבליקליך פערלאָרען די ראִיה, מיר איז פינסטער געוואָרען, נור ביי'ם זינן בין איך נאָך געוועזען; וועגען דאָס געהער קאָנן איך גאָר נישט זאָגען; דאָ אויף דער הויכקייט, איבער צעהן טויזענד ווערסט, האָט קיין קלאַנג נישט איבערגעריססען די טויד־שטילקייט; איך האָב געטראַכט, אַז, אויב מיר וועלען זיך נישט אַראָבלאָזען, וועל איך שטאַרבען; נור דאָ האָב איך פּלוצלינג פערלאָרען דען זינן אונ אַריינגעפאַללען אין אַ טיעפען שלאָף. עס זענען פאַראיבער איינעגע מינוטען, איך בין געלעגען אָהן אַ בעוועגונג, עפּיס האָב איך געהערט נישט דייטליכע ווערטער; איך האָב געפיהלט, אַז מיין חבר איז מיט מיר, מינטערט מיך אויף, דערנאָך בין איך ווייטער געוואָרען ביי'ם זינן אונ האָב אָנגעהויבען צו הערען; איך האָב דייטליך געהערט דעם פריינדס װאָרטער, נור נישט

געקאנט נישט זעהן איהן, נישט רעדען מיט איהם, נישט א ריהר טהון זיך; איך האב נור געהערט זיינע ווערטער: „פרובט נאך, איך בעט אייך־פרובט". דערנאך האבען זיך מיר אנגעהויבען בעוויזען די אינסטרומענטען ווי אין א נעבעל. איך בין אויפגעשטאנען, ארומגעקוקט זיך, ווי איך וואלט מיך אויפגעחאפט פון א שווערען שלאף, אונ געזאגט: „איך בין געוועזען נישט ביי'ם זינן". — „אונ מיט מיר האט זיך עס אויך שיער נישט געטראפען", האט געאנטפערט מיין פריינד אונ דערצאהלט מיר, אז, ווען ער האט בעמערקט, אז איך ליעג אין חלשות, האט ער געוואלט צוגעהן צו מיר, נור ער האט נישט געקאנט אונ דערפיהלט, אז איהם מישט זיך אויך אין קאפף. ער האט זיך געחאפט מיט די צאהן פאר דער שטריק, פאר וועלכע מען האט געדארפט א שלעפ טהון, ארַאבלאזענדיג זיך, דער לופטבאלאן האט זיך אנגעהויבען אראבצולאזען. אז מיר האבען דערגרייכט די ערד, האבען זיך מיר אומגעקעהרט די כוחות אונ דער זינן אונ איך האב שוין געקאנט דערגעהן צו פוס ביז דעם נאכסטען דארף".

אויב מען וואלט זיך געקאנט אויפהעבען נאך העכער, וואלט די לופט געווארען נאך שיטטערער אונ ענדליך וואלט מען צוגעקומען צו אין ארט, וואו קיין לופט איז גאר נישט דא; אזא ארט געפינט זיך, ווי די געלעהרטע האבען אויסגערעכענט, אין ערך אויף דריי הונדערט ווערסט פון דער ערד.

יעטצט וועלען מיר זעהען ערקלערען זיך, פאר וואס איז דאס געבען דער ערד די לופט אזוי געדיכט, אונ דארט אויבען שיטטער אונ ענדליך ווערט זי גאר פערשוואונדען?

אז מיר ווארפען אין דער הויך א שטיין, א שפאנדעל, א פעדער, א פאפיערל — אלץ וועט לסוף אראבפאללען אויף דר'ערד; פריהער פאר אלץ וועט אראבפאללען א שטיין, דערנאך דאס שפאנדעל, דאס פאפיערל אונ ענדליך די פעדער. פאר וואס־זשע פאלט דאס אלץ אראב אנף דר'ערד, אונ פליהט נישט אין דער הויך, אלץ העכער אונ העכער? ווייל די ערד ציהט אלץ צו צו זיך; א שטיין פאלט דערפאר גיכער אראב, ווייל די ערד ציהט איהן שטארקער צו. אויב מיר וועלען אונטערשטעללען אונטער א פאלי־

לַענְדָען שְׁטֵיין דִי הַאנְד און נִישְׁט דֶערלָאזֶען אִיהְן אַרָאבְּפַאללֶען, וֶועט דֶער שְׁטֵיין דְרִיקֶען אויף אונְזֶער הַאנְד און אַלְץ שְׁטַארְקֶער, וָואס מֶעהְר וָואג עֶר הָאט, — דָאס קָאנן יֶעדֶער פון אונְז אויספְּרוּבֶען. דֶער שְׁטֵיין דְרִיקְט אַרָאבּ אונְזֶער הַאנְד דֶערפַאר, וָואס דִי עֶרְד צִיהְט אִיהְן צוּ צוּ זִיךְ, און אונְזֶער הַאנְד הַאלְט אִיהְן אויף — פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז וָואס מֶעהְר דֶער שְׁטֵיין דְרִיקְט אַרָאבּ דִי הַאנְד, צִיהְט עֶס אִיהְן דִי עֶרְד שְׁטַארְקֶער צוּ זִיךְ.

צוּ אִיז דֶערפון נִישְׁט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז דִי וָואג פון עֶפִּיס אַ זַאךְ אִיז דָאס דֶער כֹּחַ, מִיט וֶועלְכֶען דִי עֶרְד צִיהְט צוּ דִי זַאךְ צוּ זִיךְ. יֶעטְצְט וֶועלֶען מִיר אונְז פְרֶעגֶען, צוּ וֶואגְט עֶפִּיס, אָדֶער, אַנְדֶערְשׁ גֶעזָאגְט: צוּ צִיהְט צוּ זִיךְ דִי עֶרְד דִי לופְט? דִי גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען פֶערְאֶנְטְפֶערְט דִי פְרַאגֶע גַאנְץ אֵיינְפַאךְ, מַעֲשֶׂה קְרָאמֶער. זֵיי הָאבֶּען גֶענוּמֶען אַ שְׁטַארְק פֶערְשְׁטָאפְּט גְלֶאזֶערן פֶּאסְסֶעל, און הָאבֶּען עֶס אָבּ גֶעוואוֶגען אויף אַ וָואג; דֶערנָאךְ הָאבֶּען זֵיי מִיט אַ בֶּעזוּנְדֶער מַאשִׁינְקֶע אויסְגֶעפּוּמְפְּט דִי לופְט פון פֶּאסְסֶעל און ווִיעדֶער אָבְּגֶעוואוֶגען — הָאט זִיךְ אַרויסגֶעווִיזֶען, אַז דָאס צְוֵויטֶע מָאל הָאט דָאס פֶּאסְסֶעל וֶועניגֶער גֶעוואוֶגען. אויף אַזָא אוֹפֶן הָאט מֶען דֶערגַאנְגֶען, אַז דִי לופְט הָאט אַ וָואג, דָאס הֵייסְט, אַז זִי וֶוערְט אויךְ צוּגֶעצויגֶען צוּ דֶער עֶרְד. יֶענְצְמָאלְט עֶרְשְׁט הָאט מֶען אָנְגֶעהויבֶּען פֶערְשְׁטֶעהְן, ווַארוּם אִיז גֶעבֶּען דֶער עֶרְד דִי לופְט גֶעדִיכְטֶער, און דָארְט אויף דְרַייהוּנְדֶערְטֶער ווִיֶערְסְט אִיז זִי גָאר נִישְׁט דָא.

נוּר אוּנְז אִיז עֶס נָאךְ נִישְׁט אַזוֹי פֶערְשְׁטֶאנְדִיג. מִיר וֶועלֶען עֶרְשְׁט אָנְהֵייבֶּען פְרֶעגֶען קַשְׁיוֹת: אויבּ דִי עֶרְד צִיהְט זִיךְ צוּ דִי לופְט, הַיינְט פַאר וָואס צִיהְט זִי זִי נִישְׁט צוּ אַזוֹי, אַז זִי, דִי לופְט, זָאלל לִיעגֶען הַארְט אַרוּם אִיהְר, ווִי לְמָשָׁל וַואססֶער צִיהְט זִיךְ צוּ דֶער עֶרְד און פֶערְנֶעהְמְט דֶערפַאר דִי נִיעדְרִיגְסְטֶע אָרְטֶער. און אִיבֶּער דָער עֶרְד הַאלְט עֶס זִיךְ גָאר נִישְׁט? אַ גֶערֶעכְטֶע קַשְׁיָא. נאר זִי הָאט אַגְרֵייטֶען תִּירוּץ.

דִי לופְט, ווִי נָאךְ אַ סַךְ קֶערְפֶּער, וָואס זֶענֶען אֶהְנְלִיךְ צוּ אִיהְר און וֶועלְכֶע דִי גֶעלֶעהְרְטֶע רוּפֶען אָן „גַאזַארְטִיגֶע" קֶערְפֶּער, הָאבֶּען אַ זֶעלְטֶענֶע פֶּאהִיגְקֵייט אִין זִיךְ: זֵיי וֶועהֶען פֶערְגְרֶעסֶערְט, פֶער-

חַאפֶּען וָואס מֶעהְר פְּלַאטְץ, וַוייל יֶעדֶעס טְהֵיילְכֶען אִין זֵיי שְׁטוּפְּט אָב, שְׁטוּיסְט אַוֶועק דִי אַנְדֶערֶע. אִין דֶעם אִיז נִישְׁט שְׁוֶוער צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען זִיךְ. אִין אַ בְּרֵייטהַאלְזִיגֶער פְלַאשׁ וֶועלֶען מִיר אַרַיינְלֶעגֶען אַ פּוּזִיר (פֶּענְכֶער), שְׁוַואךְ אָנְגֶעפִילְט מִיט לוּפְט. דִי לָאךְ פוּנ׳ם פּוּזִיר אִיז שְׁטַארְק פֶערְבּוּנְדֶען, אַזוֹי אַז דִי אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע לוּפְט קוּמְט נִישְׁט אַרַיין. דִי פְלַאשׁ וֶועלֶען מִיר שְׁטַייף פֶערְשְׁטָאפֶּען מִיט אַ גוּמְמִי-עֶלַאסְטִישֶׁען פְּרָאפֶּען דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶס גֶעהְט דוּרְךְ אַ גְלָאזֶערְן רֶאר׳ל, וָואס עֶנְדִיגְט זִיךְ מִיט אַ גוּמְמִי-עֶלַאסְטִישֶׁען רֶאר׳ל. דוּרְךְ דֶעם גוּמְמִי-עֶלַאסְטִישֶׁען רֶאר׳ל וֶועלֶען מִיר אַרוֹיסְצִיהֶען מִיט׳ן מוֹיל דִי לוּפְט פוּן פְלַאשׁ. דֶער פּוּזִיר הֶעבְּט זִיךְ אָן אוֹיפְצוּבְּלָאזֶען, דִי לוּפְט אִינ׳ם פּוּזִיר שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ יֶעדֶע מִינוּט צוּשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ אוּנ פֶערְאַנְדֶערְצִיהֶען דֶען פּוּזִיר, נוּר דָאס דֶערְלָאזְט נִישְׁט דִי לוּפְט אִין פְלַאשׁ, וָואס שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ אוֹיךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ אוּנ פֶערְנֶעהְמֶען דֶען אָרְט פוּן פּוּזִיר. נוּר אָט הָאבֶּען מִיר אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דִי לוּפְט פוּנ׳ם פּוּזִיר; יֶעטְצְט אִיז שׁוֹין נִישְׁט דָא, וֶוער עֶס זָאלל נִישְׁט דֶערְלָאזֶען דֶער לוּפְט פוּן פּוּזִיר צוּשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ, אוּנ דִי לוּפְט פוּן פּוּזִיר צוּלֶעגְט זִיךְ טַאקִי אִין דֶער לֶאנְג אוּנ אִין דֶער בְּרֵייט, וֶוערְט שִׁיטֶטֶערֶער. דִי קְרַאפְט, מִיט וֶועלְכֶער דִי לוּפְט שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ פֶערְנֶעהְמֶען וָואס אַ גְרֶאסֶערְן אָרְט, וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען זַיין „עֶלַאסְטִיצִיטֶעט״ (אוּנ עֶלַאסְטִישׁ זַיין בִּכְלַל הֵייסְט דִי פֶּאהִיגְקֵייט פוּן קֶערְפֶּער: אוּמְצוּקֶעהְרֶען זִיךְ צוּרִיק צוּ דֶער לַאגֶע, פוּן וֶועלְכֶער מֶען הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט, אַ זָאלְכֶע קֶערְפֶּער זֶענֶען גוּמְמִי-עֶלַאסְטִיק, הֶעלְפַאנְדְבַּיין). וַואסֶער אוּנ אַלֶע זַאכֶען, וָואס זֶענֶען אֶהְנְלִיךְ צוּ אִיהְם, וֶוערֶען אָנְגֶערוּפֶען שִׁיטֶטֶערֶע קֶערְפֶּער; זֵיי הָאבֶּען נִישְׁט דִי פֶּאהִיגְקֵייט אוּנ, פֶערְקֶערְט, בַּיי זֵיי צִיהְט אֵיין טְהֵיילְכֶען דָאס אַנְדֶערֶע, קֵייטְלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען; זֵיי הָאבֶּען דִי פֶּאהִיגְקֵייט, וָואס הֵייסְט אָנְגֶערוּפֶען „צוּזַאמֶענְקֵייטוּנְג״. לְמָשָׁל, מֶען שֶׁעפְּט אָן אֵיין עֶמֶער וַואסֶער אִין טַייךְ, מוּז מֶען נָאכְדֶעם דִי עֶמֶער שְׁטַארְק אַ רִיס טְהוּן אוּנ אַרוֹיסְשְׁלֶעפֶּען זִי — מֶען מוּז, הֵייסְט עֶס, צוּרַייסֶען דִי צוּזַאמֶענְקֵייטוּנְג פוּן דִי טְהֵיילְכֶען וַואסֶער אִין טַייךְ. דָאךְ אִיז דִי צוּזַאמֶענְקֵייטוּנְג אִין שִׁיטֶטֶערֶע קֶערְפֶּער נָאךְ וֶועהְר שְׁוַואךְ, שְׁוַואכֶער פַאר וַייעֶר וָואג, דֶערְפַאר קָאנֶען זֵיי זִיךְ אַלַיין נִישְׁט הַאלְטֶען.

מען מוז זיי אריינגיעסען אין עפיס א כלי און זיי וועלען א נעהמען די פארם, די געשטאלט פון דער כלי, אין וועלכע מען האט זיי אריינגעגאסען. די זאכען, וואס זענען אהנליך אויף א שטיין, א האלץ, א פארעם און נאך אזאלכע, ווערען אנגערופען הארטע קארפער; ביי זיי איז די צוזאממענקייטונג אונגעהייער שטארק; דערפאר קומט עס אן זייער שווער צוברעכען א שפאן, צוקלאפען א שטיין, צורייסען א פארעם און נאך א זאלכע זאכען.

נור מיר געהען צוריק צו דער לופט און פראגען, וואס וואלט געוועזען, ווען די ערד וואלט זי נישט צו-ציהען צו זיך? איבער איהר פאהיגקייט פערנעהמען וואס מעהר פלאטץ, וואלט זי זיך צו-שפרייט איבער דער גאנצער וועלט און מיר וואלטען נישט געהאט מיט וואס צו אטהמען! על כן זעהען מיר דא אזוינס: פון איין זייט שטרעבט זיך די לופט אוועקפליהען, אוועקטראגען זיך פון דער ערד, און די ערד פון דער צווייטער זייט זעהט צוציהען זי צו זיך. אט דיביידע כוחות האבען זיך אויסגעגלייכט אזוי ווי מיר געפינען זיי יעטצט.

און כאשר פון איין זייט ווערט די לופט צוגעצויגען פון דער ערד און פון דער אנדער זייט שטרעבט זי זיך פערנעהמען וואס מעהר פלאטץ, דאס הייסט זי רייסט זיך ארויף, דערפאר דריקט זי אן אויף אללע זאכען, וואס ריהרען זיך אן איהר אן — און דאס דריקען איז פון אללע זייטען גלייך. דאס דריקען איז זעהר שטארק, — א וואססער-זייל פון 32 פוסס דריקט אזוי, דאס הייסט די לופט דריקט אראב אונזער האנד מיט אזא כח, ווי עס וואלט אראבגעדריקט וואססער, ווען מען וואלט עס אריינגעגאססען אין א כלי, ברייט ווי אונזער לאדאן (האנד) און הויך 32 פוסס, און מען וואלט עס ארויפגעשטעללט אויפ'ן לאדאן. דאס וואססער וואלט געוואויגען איין ערך פון אכט-האלבען פוד. יעטצט אז מיר זאללען אויסרעכענען דאס דריקען אויף אונזער גאנצען קארפער, וואלטען מיר ערהאלטען א שרעקליכע גרויס. אז די לופט רייסט זיך טאקי פון דר'ערד און דריקט אונז ווי פון אויבען, אזוי פון אונטען, קען מען זיך איבערציינגען אויף אזא אופן: איין עק פון א גלאזערן רער'ל וועלען מיר נעהמען אין מויל, און צו'ם אנדערן וועלען מיר צו-

לֶעגֶען אַ קָארְט אוּנ וֶועלֶען אָנְהֶעבֶּען אַרויסצִיהֶען פוּנְ'ם רֶער'ל דִי לוּפְט, וֶועט זִיךְ דִי קָארְט הַאלְטֶען אוּנ נִישְׁט אַרָאבפַאלֶען — דִי לוּפְט שְׁטוּפְּט זִי פוּן אוּנְטֶען אוּנ לָאזְט אִיהְר נִישְׁט אַרָאבפַאלֶען. נָאךְ אַ פְּרוּב: מִיר נֶעהְמֶען אַ פוּלֶע גְלָאז מִיט וַואסֶער, פֶּערְדֶעקֶען עֶס מִיט אַ פַּאפִּיערל אוּנ קֶעהְרֶען אִיבֶּער, אוּנְטֶערְהַאלְטֶענְדִיג דָאס פַּאפִּיערל מִיט דֶער הַאנְד: דָאס פַּאפִּיערל וֶועט נִישְׁט אַרָאבפַאלֶען אוּנ דָאס וַואסֶער וֶועט זִיךְ נִישְׁט אויסגִיעסֶען, וַוייל דִי לוּפְט הַאלְט אוּנְטֶער אִי דָאס פַּאפִּיערל אִי דָאס וַואסֶער פוּן גְלָאז. לָא'מִיר זִיךְ עֶרְקְלֶערֶען, פַאר וָואס אִיז עֶס אַזוֹי גֶעשֶׁעהְן. דָאס גְלָאז הָאט אַ דֶעק — דֶערפַאר דְרִיקְט נִישְׁט דִי לוּפְט אויף דָאס וַואסֶער פוּן אויבֶּען אוּנ שְׁטוּפְּט עֶס נִישְׁט אַרָאבּ; דָאס וַואסֶער וָואלְט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַרויסגִיעסֶען זִיךְ, וַוייל דִי עֶרְד צִיהְט עֶס צוּ. נוּר דָאס וַואסֶער הַאלְט זִיךְ אוּנ פַאלְט נִישְׁט אַרָאבּ, וַוייל דָאס דְרִיקֶען פוּן דֶער לוּפְט פוּן אוּנְטֶען אִיז גְרֶעסֶער, אַלְס דִי וָואג פוּנְ'ם וַואסֶער נָאךְ אַ פְּרוּב: מִיר נֶעהְמֶען אַ גְלֶעזֶערן אָדֶער בְּלֶעכֶערן רֶער'ל, אַיין עֶק לָאזֶען מִיר אַרַיין אִין וַואסֶער. אוּנ דֶעם אַנְדֶערן נֶעהְמֶען מִיר אַרַיין אִין מוֹיל אוּנ צִיהֶען אַרויס דִי לוּפְט, — דָאס וַואסֶער וֶועט גֶעשְׁווִינְד אָנְפִילֶען דָאס רֶער'ל. מֶען זָאלל יֶעטְצְט פֶערְשְׁטָאפֶּען דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען עֶק פוּנְ'ם רֶער'ל מִיט אַ פִינְגֶער, וֶועט זִיךְ דָאס וַואסֶער נִישְׁט אויסגִיעסֶען. אַזוֹי וֶועלֶען מִיר קָאנֶען דָאס וַואסֶער אַרִיבֶּערטְרָאגֶען אִין אֵיין אַנְדֶער כֵּלִי; מִיר וֶועלֶען אַרָאבּנֶעהְמֶען דֶעם פִינְגֶער פוּן אויבֶּערְשְׁטֶען לָאךְ, וֶועט זִיךְ דָאס וַואסֶער אויסְגִיעסֶען אִין כֵּלִי. אַזוֹי הָאט מֶען אָנְגֶעהויבֶּען מַאכֶען הֶעבֶּערְס (לִיוֶוערְס). וֶוענְן אַנְשְׁטַאטט אַ גְלָאז וָואלְטֶען מִיר נֶעהְמֶען אַ גְלֶעזֶערן רֶער'ל, אַ פֶערלֵייטֶע פוּן אֵיין עֶק, וָואלְט דָאס וַואסֶער הַאלְטֶען זִיךְ אוּנ נִישְׁט אַרויספַאלֶען בִּיז דִי הויךְ פוּנְ'ם וַואסֶער אִין רֶער'ל וָואלְט גֶעוֶועזֶען וֶוענִיגֶער אַלְס 32 פוּס, נוּר וִוי עֶס וָואלְט דֶערגְרֵייכְט בִּיז 32 פוּס, וָואלְט עֶס זִיךְ אויסגֶעגָאסֶען. פוּן דַאנֶען זֶעהְט מֶען אַרויס, אַז דִי לוּפְט דְרִיקְט פוּן אוּנְטֶען מִיט אַזַא כֹּחַ, מִיט וֶועלְכֶען עֶס דְרִיקְט אַ וַואסֶערְזַיילֶע פוּן 32 פוּס. גֶעוֶואהְנְלִיךְ נֶעמְט מֶען אַנְשְׁטַאטט וַואסֶער קְוֶועקְזִילְבֶּער, וַוייל קְוֶועקְזִילְבֶּער אִיז שְׁוֶוערֶער אַלְס וַואסֶער – דַארְף מֶען אַ קְלֶענֶערן רֶער'ל, אִין

גאַנְצֶען פון 30 צאלל (דיוּים), אונ אַ צָאלל איז אין צְוֶועלְף מָאל
קְלֶענֶער אַלְס אַ פוּס.

אַז פון אויבֶען דְרִיקְט די לופְט מִיט דֶער וָועלְבֶּער קְרַאפְט,
דֶערגֶעהְט מֶען אויף אַזַא אופֶן: מֶען נֶעמְט אַ גְלֶעזֶערן רֶאר'ל,
אַ בִּיסֶעל גְרֶעסֶער אַלְס 30 צאללֶען, אַ פֶערְלַייט פון אֵיין עֶק; מֶען
גִיעסְט אַהֶער אַריין קְוֶועקְזִילְבֶּער, דֶערְנָאךְ, פֶערְשְׁטֶעקֶענְדִיג דָאס
לֶאכֶעל מִיט אַ פִינְגֶער, קֶערְט מֶען אִיבֶּער דָאס רֶאר'ל אִין אַ שִׁיעסֶעל
מִיט קְוֶועקְזִילְבֶּער. דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער וֶועט זִיךְ אַבִּיסֶל ארויסגיעסֶען
פון רֶאר'ל אונ וֶועט זִיךְ אָבְּשְׁטֶעללֶען אויף 30 צָאלל די הויךְ. די
לופְט דְרִיקְט פון אויבֶען אויף דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער אִין שִׁיעסֶעל, אָבֶּער
אויף דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער אִין רֶאר'ל דְרִיקְט זִי נִישְׁט, ווייל דָאס
רֶאר'ל אִיז פֶערְלַייט. דֶערפַאר שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער
אִינ'ם רֶאר'ל גֶעהְן אִין דֶער הויךְ, בִּיז דָאס דְרִיקֶען פון דֶער שְׁוֶוער-
קַייט פונ'ם קְוֶועקְזִילְבֶּער וֶועט נִישְׁט גְלַייךְ זַיין צו'ם דְרִיקֶען פון דֶער
לופְט אַרום. פון דַאנֶען דְרִינְגְט מֶען אַז די לופְט דְרִיקְט מִיט אַזַא
כֹּחַ, מִיט וֶועלְכֶען עֶס וָואלְט גֶעדְרִיקְט אַ צַייל קְוֶועקְזִילְבֶּער פון
32 פוּסְ.

אַז מִיר וֶועלֶען בֶּעהֶעפְטֶען דָאס שִׁיעסֶעל מִיט'ן רֶאר'ל, אונ
צו'ם רֶאר'ל וֶועלֶען מִיר צוּמַאכֶען אַ ווירֶע, אויף וֶועלְכֶער עֶס זֶענֶען
אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען צִיפֶערן, וֶועלֶען מִיר בֶּעקוּמֶען אֵיין אִינְסְטְרוּמֶענְט,
וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען בַּארָאמֶעטר; מִיט דֶעם אִינְסְטְרוּמֶענְט קָאנֶען
מִיר בֶּעשְׁטִימֶען, וָואס פַאר אַ וֶועטֶער עֶס וֶועט זַיין, אונ אָט
פַאר וָואס:

אִין דֶער לופְט הַאלְט זִיךְ אויף וַואסֶער-דַאמְפְּף (פַארֶע).
אַז וֶוענְן דֶער צָאהְל פון אִיהם וֶוערְט אַזוי גְרויס, אַז עֶר קֶען זִיךְ
שׁוין נִישְׁט אַיינהַאלְטֶען אִין דֶער לופְט, פַאלְט עֶר אַרָא?, יֶענְצְמָאל,
הֵייסְט עֶס, גִיעסְט אַ רֶעגֶען. די וַואסֶער-פַארֶע ..ז לַייכְטֶער
אַלְס די לופְט, וּבְכֵן אִיז די לופְט, וָואס הָאט אִין זִיךְ אַ סַךְ וַואסֶער-
פַארֶע, אַ סַךְ לַייכְטֶער פַאר טְרוּקֶענֶע לופְט, אונ בַּאלְד זִיא אִיז
לַייכְטֶער, וֶועט זִי שׁוין וֶועניגֶער דְרִיקֶען, אונ דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער אִין
רֶאר'ל וֶועט שְׁטֶעהְן נִידְרִיגֶער; פֶערקֶערְט וָואס טְרִיקֶענֶער די לופְט
אִיז, אַלץ דְרִיקְט זִי מֶעהְר אונ דָאס קְוֶועקְזִילְבֶּער אִין רֶאר'ל שְׁטֶעהְט

האָבער. נאָך דער הויך פון דעם קוועקזילבער אין דעם ראַר'ל בעשטימט מען, וויפיעל דאַמפף עס געפינט זיך אין דער לופט; שטעהט דאס קוועקזילבער ניעדריג, איז אַ סימן, אַז די לופט איז איבערגעפילט מיט פּאַרע, און מען קאַנן וואַרטען אויף אַ רעגען; שטעהט דאס קוועקזילבער הויך, הייסט עס, אַז די לופט איז טרוקען און קיין רעגען וועט נאָך נישט אַזוי גיך זיין. אויף דער ווירע, וואס איז צוזאַמענגעמאַכט געוואָרען צו'ם ראַר'ל, האָט מען געמאַכט סימנים און אָנגעקענשטעלט ציפערן, — אַזויערנאָך איז עס לייכט צו דערגעהן, וואס עס טהוט זיך מיט דער לופט.

פאַר וואס זשע, אַז מיר שטרעקען אויס דיא האַנד, פיהלען מיר נישט קיין דריקען? מיר זאָללען אַרויפלעגען אַ פוד אויף דער האַנד, וועט זיין שווער, און דאָ ליעגט גאַנצע אַכט-האַלבען, האָט דאָך אַנדערי געדאַרפט זיין שווער? און גלאַט, אַז די לופט דריקט אונגעדייער שטאַרק אויף אונזער קאָרפּער. פאַר וואס צערקוועטשט זי אונז נישט? אום דאס צו ערקלערען, מוזען מיר אַביסעל אָבטרעטען אין אַ זייט.

אַללע זאַכען, וועלכע מיר זעהען, למשל: האָלץ, אייזען, גאָלד, אונזער גוף און נאָך אַ זאַך, זענען נישט גאַר מאַססיוו, צו-נ-אויפגעגאָסען, נור זענען פולל און פיעל מיט דראָבענע לאָכעלעך, וועלכע ווערען אָנגערופען „שווייסלאָכער“, „פּאָרען“.

מיט אַללערליי פּרובען קאַנן מען זיך איבערצייגען, אַז די לאָכערלעך זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, חאָטש מיר זעהען זיי נישט. צום בייספּיעל: מיר וועלען נעהמען איין אייזערן שאַכטעל, אָנגיעסען עס מיט וואַססער. שטאַרק פערדרעקען, פערלייטען און וועלען אָנהעבען צוקלאַפּען מיט אַ האַממער; דאס וואַססער וועט אַרויס, דורכרינגענדיג דורך די פּאָרען.

דאס זעלבע וועט פּאַססירען, אַז מיר וועלען נעהמען אַ גאָלדען שאַכטעל. מיט אַ האָלצערנעם איז נאָך איינפאַכער; דאָ איז גענוג מראַסלען דאס וואַססער אָדער אַביסעל אונטערוואַרמען עס. מען דאַרף נאָר, אַז דאס שאַכטעל זאָלל זיין פעסט געמאַכט און שטאַרק פערדעקט, מען זאָל נישט מיינען, אַז דאס וואַססער איז דורך די פוגען. מיר שטעללען אַוועק גאַר אַ טרוקען עמער מיט וואַססער און

אויף מָארְגֶען בֶּעווַייזְט זִיךְ אַ שְׁוַייסִיגֶער פְלֶעק אוּנְטֶער אִיהְם. דֶער פְלֶעק בֶּעווַייזְט זִיךְ דֶערְפַאר וָואס דָאס וַואסֶער הָאט גֶעדְרִיקְט מִיט דֶער גַאנְצֶער שְׁוֶוערְקַייט אויף דֶען דֶעק פוּן עֶמֶער אוּנ דוּרְךְ דֶעם הָאט זִי זִיךְ דוּרְכְגֶעכוּמֶען דוּרְךְ דִי פָּארֶען פוּן דֶעק.

אוּנ אַז אַ זָאלְבֶּע מַאססִיוֶוע זַאכֶען, וִוי אַייזֶען, הָאבֶּען פָּארֶען, הָאט זַיי אוּנְזֶער קֶארְפֶּער אַוַדַאי אוּנ אַוַדַאי. אַז אִין דִי פָּארֶען גֶעהְט דוּרְךְ וַואסֶער, וֶועט דִי לוּפְט גֶעוִויס דוּרְךְ גֶעהְן. דֶערצוּ דַארְף מֶען גֶעדֵיינְקֶען, אַז דִי לוּפְט שְׁטוּפְּט זִיךְ אָב מִיט אַזַא כֹּחַ פוּן דֶר'עֶרְד, מִיט וֶועלְכֶען דִי עֶרְד צִיהְט זִי צוּ — אַלְזָא דְרִיקְט דִי לוּפְט פוּן אויבֶּען אוּנְזֶער הַאנְד, אָבֶּער פוּן אוּנְטֶען הַאלְט זִי זִי אוּנְטֶער, אוּנ דֶערְפַאר פִיהְלֶען מִיר נִישְׁט דִי שְׁוֶוערְקַייט. נוּר וֶוענְן אוּנְזֶער הַאנְד וָואלְט קֵיין פָּארֶען נִישְׁט גֶעהַאט, וָואלְט דִי לוּפְט, דְרִיקֶענְדִיג יי פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען, צֶערְקְוֶועטְשְׁט זִי; צוּ'ם גְלִיק הָאט זִי פָּארֶען, אוּנ דִי לוּפְט, מַחֲמַת שְׁוֶוערְקַייט אוּנ עֶלַאסְטִיצִיטֶאט, גֶעהְט זַיי דוּרְךְ אוּנ מִיר פִיהְלֶען זִי נִישְׁט. כִּמְעַט דָאס זֶעלְבֶּע קוּמְט פָאר, וֶוענְן דִי לוּפְט דְרִיקְט אויף אוּנְזֶער גַאנְצֶען קֶארְפֶּער. אִין אוּנְז אִיז אויךְ פֶערְהַאנֶען לוּפְט, וָואס שְׁטְרֶעבְּט צוּ פֶערְנֶעהְמֶען וָואס מֶעהְר פְּלַאטְץ, נוּר דִי וֶואנְטְלֶעךְ פוּן אוּנְזֶער קֶארְפֶּער שְׁטֶארֶען אִיהְר; זִי וָואלְט זִיכֶער צוּרִיסֶען אוּנְזֶער קֶארְפֶּער אויף שְׁטִיקְלֶעךְ, וֶוענְן דִי לוּפְט פוּן דְרויסֶען וָואלְט אִיהְן נִישְׁט אויפְגֶעהַאלְטֶען פוּן אִיהְר זַייט. דִי לוּפְט פוּן אִינְוֶוענִיג אוּנ דִי לוּפְט פוּן דְרויסֶען הָאבֶּען גֶעדַארְפְט צוּקְוֶועטְשֶׁען אוּנְזֶער קֶארְפֶּער, נוּר דֶער נֵס אִיז, וָואס עֶר הָאט פָּארֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דִי לוּפְט גֶעהְט זִיךְ פְרַיי דוּרְךְ. בִּשַׁעַת דִ לוּפְט גֶעהְט דוּרְךְ דִי וֶואנְטְלֶעךְ פוּן אוּנְזֶער קֶארְפֶּער, פֶערְהַאלְט זִי זִיךְ אַ וַוייל'ע, דֶערצוּ אִיז דָאס לוּפְט־דְרִיקֶען פוּן אִינְוֶוענִיג שְׁוַואכֶער. אַלְס דָאס דְרִיקֶען פוּן אויסְוֶוענִיג, דֶערְפַאר זֶענֶען דִי אֶרְטֶער צְווִישֶׁען דִי רִיפֶּען אַבִּיסֶעל אַיינְגֶעדְרִיקְט. נוּר עֶס זֶענֶען דָא אַ זָאלְבֶּע קְרַאנְק, וָואס דָאס דְרִיקֶען פוּן דֶער אִינְוֶוענִיגְסְטֶער לוּפְט וֶוערְט שְׁטַארְקֶער אוּנ יֶענְצְמָאל וֶוערֶען דִי אֶרְטֶער צְווִישֶׁען דִי רִיפֶּען וִוי אָנְגֶעשְׁוָואלֶען. דָאס קֶאנְן מֶען בֶּעמֶערְקֶען, אַז מֶען זָאלל זִיךְ שְׁטַארְק אָנְבְּלָאזֶען;

מִיט דֶעם לוּפְט־דְרִיקֶען הָאבֶּען זִיךְ מֶענְשֶׁען בֶּענוּטְצְט. זַיי הָאבֶּען אַרָאבְגֶעלָאזֶען אִין וַואסֶער אַ הָאלְצֶערְנֶע רָאר אוּנ דֶער־

עהען, אז דאס וואססער אין דאר אונ אויסען דאר שטעהט אין איין הויך, ווייל די לופט דריקט אומעטום גלייך. דאמאלס האט מען בעשלאססען, אז אויב מען וועט אויספומפען די לופט פון דאר, וועט זיך דאס וואססער מוזען אויפהעבען, ווייל פון דרויסען וועט די לופט דריקען אונ איננווענדיג — נישט; האט מען צוגעמאכט צו'ם דאר א קאלבען (א פארשען, א פאסט), מיט וועלכען מען האט ארויסגעצויגען די לופט, — אט איז געווארען א פלומפ, מיט וועלכען מען נעמט וואססער פון אסך ברוננען'ס. מיט דעם לופט-דרוק האט מען זיך בענוטצט, אונ אנגעהויבען מאכען שפראצערס; מיט איהם בענוטצען זיך אפילו קינדער, אלליין נישט וויססענדיג דאס, ווענן זיי מאכען זייערע שפראצער'ס; זיי לאזען אריין איין עק שפראצער אין וואססער אונ ציהען פון איהם ארויס די לופט מיט'ן מויל; די אויסווענינגסטע לופט דריקט אן אונ דער שפראטצער ווערט אנגעפיללט מיט וואססער.

די געלעהרטע האבען געארבייט אויף אויסצורעכנען די וואג פון דער גאנצער לופט, וואס געפינט זיך ארום דער ערד, אונ כאטש ריכטיג אויסרעכנען איז שווער, ווייל נישט אומעטום דריקט די לופט גלייך, נור איין ערך, אונגעפאר רעכענט מען די וואג פון דער לופט ניין מיט אהאלבען טרילליאן פונט.

## III.

## פון וואס בעשטעהט די לופט.

יעטצט וועלען מיר בעטראכטען, וואס איז אזוינס די לופט אונ פון וואס בעשטעהט זי?

אין אנפאנג גלייך, ווי נור די געלעהרטע האבען זיך אנגע-הויבען בעשאפטיגען מיט דער פראגע, האט מען גלייך בעמערקט, אז די לופט בעשטעהט פון איינינגע שטאפען, וועלכע מען קאנן זעהר לייכט פעראנדערטהיילען. מיר וועלען נעהמען איין אנגע-צונדען ליכטעל, צובינדען עס צו א פראפפען אונ לאזען עס שווימען איבער א שיסעל מיט וואססער. דערנאך וועלען מיר

גֶעהְמֶען אַ גְלָאז אוּנ אִיבֶּערְקֶעהְרֶען אוֹיפ'ן לִיכְט — דֶערְבַּיי, פֶּערשְׁטֶעהְט זִיךְ, וֶועלֶען מִיר דַארְפֶען מִיט כֹּחַ אַרָאבּ־שְׁטוּפֶען דָאס גְלָאז אוֹיפ'ן דֶעק פוּן שִׁיסֶעל. מִיר וֶוייסֶען שׁוֹין, אַז קֵיין וַואסֶער וֶועט אוּנְטֶערן גְלָאז נִישְׁט אַרַיין, וַוייל דִי לוּפְט וֶועט עֶס נִישְׁט אַרַיינְלָאזֶען. נוּר וָואס מֶעהְר דָאס לִיכְט וֶועט בְּרֶענְנֶען, וֶועט וֶוערֶען אַלְץ מֶעהְר וַואסֶער אִין גְלָאז. דָאס לִיכְט וֶועט נִישְׁט לַאנְג בְּרֶענְנֶען אִין גְלָאז אוּנ וֶועט זִיךְ פֶערְלֶאשֶׁען אוּנ דַאמָאלְס וֶועלֶען מִיר בֶּעמֶערְקֶען, אַז דָאס וַואסֶער וֶועט אַרַיין בִּיז אַ בֶּעווָאוּסְטֶער הֵויכְקַייט אוּנ וַוייטֶער וֶועט עֶס נִישְׁט גֶעהְן.

פַאר וָואס זְשֶׁע אִיז דָאס וַואסֶער אַרַיין אִין גְלָאז? גֶעוִוים, וַוייל אַ טְהֵייל פוּן דֶער לוּפְט אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען. וָואהִין זְשֶׁע אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דֶער טְהֵייל לוּפְט אוּנ פַאר וָואס נוּר אַ טְהֵייל, נִישְׁט דִי גַאנְצֶע לוּפְט? אַ טְהֵייל לוּפְט הָאט אוֹיסגֶעבְּרֶענְט צוּזַאמֶען מִיט'ן לִיכְט אוּנ אִיז פֶערְוואנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען אִין אֵיין אַנְדֶער שְׁטָאף, וָואס פֶערְנֶעהְמְט שׁוֹין וֶועניגֶער אָרְט אוּנ צוּגֶעהְט אוֹיסֶער דֶעם אִין וַואסֶער, ווִי צוּקֶער אָדֶער זַאלְץ, אוּנ דִי לוּפְט, חָאטְשׁ זִי צוּגֶעהְט אִין וַואסֶער, אָבֶּער אַ סַךְ שְׁוֶוערֶער, אַלְס דֶער נַייֶע שְׁטָאף; אוּנ אוֹיסֶער דֶעם גֶעפִינְט זִיךְ שׁוֹין אִין דֶעם וַואסֶער אַזוֹיפִיעל לוּפְט, וִויפִיעל עֶס קָאנְן צוּגֶעהְן. דֶערְפַאר וֶוערְט יֶעטְצְט אוּנְטֶערן גְלָאז גְרוֹימֶער אוּנ דָאס וַואסֶער גֶעהְט אַרַיין. יֶענֶער טְהֵייל לוּפְט, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּנְטֶערן גְלָאז, קָאנְן נִישְׁט בְּרֶענְנֶען אוּנ לָאזְט נִישְׁט בְּרֶענְנֶען, דֶערְפַאר הָאט זִיךְ דָאךְ דָאס לִיכְט פֶערְלָאשֶׁען, ווִי נוּר עֶס הָאט אוֹיסְגֶעבְּרֶענְט דֶער בְּרֶענְנֶענְדִיגֶע טְהֵייל לוּפְט, דָאס הֵייסְט דֶער טְהֵייל, וָואס קָאנְן בְּרֶענְנֶען, וָואס הָאט דִי פֶאהִיגְקַייט צוּ בְּרֶענְנֶען.

יֶענֶער טְהֵייל לוּפְט, אִין וֶועלְכֶען דָאס לִיכְט הָאט זִיךְ פֶערְלָאשֶׁען, וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף, אוּנ יֶענֶער, וָואס הַאלְט אוּנְטֶער דָאס בְּרֶענְנֶען — זוֹיעֶרְשְׁטָאף; דֶער שְׁטָאף, וָואס אִיז אַרוֹיסגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לִיכְט'ס אוּנ זוֹיעֶרְשְׁטָאפ'ס פֶערבְּרֶענְנֶען — קוֹילֶענְזוֹייעֶרֶע. דִי אַללֶע דְרַיי שְׁטָאפֶען קֶאנְן מֶען שְׁטֶאנְדִיג גֶעפִינֶען אִין דֶער לוּפְט; שְׁטִיקְשְׁטָאף אִיז פִיעֶר מָאל מֶעהר אַלְס זוֹיעֶרְשְׁטָאף, אוּנ קוֹילֶענְזוֹייעֶרֶע אִיז כִּמְעַט אִין טוֹיזֶענְד מָאל וֶועניגֶער אַלְס זוֹיעֶר·

שְׁטָאף. אויסֶער דִי בֶּעהֶעפְטֶע מְהַיילֶען גֶעפִינְט זִיךְ שְׁטֶאנְדִיג אִין דֶער לוּפְט וַואסֶער־דַאמְפְּף; אִין וַוארְמֶער לוּפְט אִיז עֶר מֶעהְרֶער, אִין קַאלְטֶער וֶועניגֶער. דָאס קֶאנֶן מֶען זֶעהְר לַייכְט אויסְפָּארְשֶׁען: טְרָאגְט אַרַיין, לְמָשָׁל, אַ קַאלְטֶע פְלַאש אִין אַ וַוארם צִימֶער, וֶועט אִיהְר בֶּעמֶערְקֶען, אַז זִי וֶועט אָנְהֶעבֶּען צוּ שְׁוִויטְצֶען. פַאר וָואס אִיז דָאס? גָאר אַיינְפַאךְ. דִי לוּפְט נֶעבֶּען דֶער פְלַאש וֶועט וֶוערֶען קַאלְטֶער ווִידֶער אִין גַאנְצֶען צִימֶער, אוּנ דֶער וַואסֶער־דַאמְפְּף, וָואס הָאט זִיךְ אויפְגֶעהַאלְטֶען אִין דֶער לוּפְט פוּנ'ם חֶדֶר, וֶועט זִיךְ נִישְׁט אַיינְהַאלְטֶען אִין דֶער קַאלְטֶער לוּפְט אוּנ וֶועט זִיךְ אָבְזֶעטְצֶען ווִי אַ שְׁוַויים אויף דֶער פְלַאש, אוּנ אִין דֶער לוּפְט, וָואס אַרוּם דֶער פְלַאש, וֶועט בְּלַייבֶּען וֶועניגֶער דַאמְפְּף. אָטְהֶעמְט אַרויס פוּן זִיךְ לוּפְט אִין אַ וַוארְמֶען צִימֶער, וֶועט אִיהְר זִי נִישְׁט בֶּעמֶערְקֶען, אוּנ אִין אַ קַאלְטֶען צִימֶער, זֶעהְט אִיהְר זִי; דָאס אִיז דֶערְפַאר, וָואס אִין דֶער אַרויסְגֶעאָטְהֶעמְטֶער לוּפְט גֶעפִינְט זִיךְ אַ סַךְ דַאמְפְּף; אִין אַ וַוארְמֶער לוּפְט הַאלְטֶען עֶר זִיךְ אוּנ אִיז נִישְׁט נִיכָּר, אוּנ אִין דֶער קַאלְטֶער לוּפְט קָאנֶן עֶר זִיךְ נִישְׁט הַאלְטֶען אוּנ פַאלְט אָב ווִי אַ נֶעבֶּעל, אַ טוּמַאן, ווֶעלְכֶען מֶען זֶעהְט.

אֶפְּפֶענְט אויף דִי טְהִיר פוּן שְׁוִויטְצְבָּאד אִין פָארְדֶערְצִימֶער — פוּן דָארְטֶען גִיט זִיךְ אַ לָאז אַ וַוארְמֶע לוּפְט, אִיבֶּערְגֶעפִּילְט מִיט וַואסֶער דַאמְפְּף; דֶער דַאמְפְּף קֶאנֶן זִיךְ נִישְׁט אויפְהַאלְטֶען אִין דֶער קַאלְטֶער לוּפְט פוּן פָארְדֶערְצִימֶער אוּנ פַאלְט אַרָאבּ ווִי אַ וַואסֶער, עֶס רִינְט פוּן בַּאלְקֶען — אַ וַואהְרֶער רֶעגֶען.

אִיהְר הָאט שׁוֹין גֶעהֶערְט, אַז אויף הויכֶע בֶּערְג קֶאנֶן מֶען דֶערשְׁטִיקְט וֶוערֶען, ווַייל דָארְט אִיז דִי לוּפְט זֶעהְר שִׁיטֶער; מֶען וֶוערְט דֶערְשְׁטִיקְט, דֶערְוָוארְגֶען אִין וַואסֶער; מֶען וֶוערְט פֶערְשְׁטִיקְט אֲפִילוּ יֶענְמָאלְט, וֶוען מֶען מַאכְט צוּ מִיט עֶפִּיס דָאס מויל מִיט ד נָאז אוּנ מֶען לָאזְט נִישְׁט אַרַיין אִין זִיךְ דִי לוּפְט; דָאס לֶעטְצְטֶע קֶאנֶן יֶעדֶער אויסְפְּרוּבֶּען אויף זִיךְ. אויבּ מֶען וֶוערְט פֶערְשְׁטִיקְט אָהְן לוּפְט, הֵייסְט עֶס אַ פָּנִים, אַז מֶען דַארְף זִי הָאבֶּען צוּם אָטְהֶעמֶען דָאס אִיז טַאקִי אַזוֹי! אָהְן לוּפְט קָאנֶן נִישְׁט לֶעבֶּען נִישְׁט אַיין לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶענִישׁ, אוּנ נִישְׁט נוּר אַ לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶענִישׁ, נוּר אֲפִילוּ בּוֹימֶער, גְרָאז אוּנ בִּכְלַל גֶעווִיקְסֶע. מֶען הָאט גֶעפְּרוּבְט

האַלטען שפּראַצונגען אונטער גלאָזער, וועלכע מען האָט אַרויס־
געפּומפּט די לופט, אונ חאָטש די שפּראַצונג האָט געהאַט גענוג
ליכט אונ וואַססער, אונ די ערד איז געוועזען גוט, נור זי האָט זיך
ענטוויקעלט שוואַך, פערדאַרט אונ לסוף צוטריקענט געוואָרען —
דאָס הייסט, געשטאָרבען.

ווען מיר זאָגען, אַז צו'ם אָטהמען דאַרף מען האָבען לופט,
זאָגען מיר נישט גאָר ריכטיג. צו'ם אָטהמען דאַרפען מיר האָבען
נישט די גאַנצע לופט, נור איינען פון די גאַזען, וואָס קוממען
אין איהר אַריין, — די זויערשטאָף. נור דערפון דאַרף מען נישט
ענטשליעססען, אַז מיר וואָלטען געקאָנט לעבען אין אַזאַ לופט,
וואָס וואָלט בעשטאַנען דורכאויס פון זויערשטאָף; אין אַזאַ לופט
וואָלט מען נישט געקאָנט לעבען, ווי מען קאָנן נישט טרינקען
למשל ריינען ספּירט, ווייל מען וועט אָבברענגען דאָס מויל, נור
מען דאַרף איהן פערדאַנדערפּיהרען מיט וואַססער אונ בעקוממען
בראַנפען, וועלכע מען קאָנן טרינקען. דער זויערשטאָף איז פער־
אַנדערגעפיהרט אין דער לופט מיט שטיקשטאָף. אַללע חיות,
פאָגעל, פיש, קליינע קאָרפּער (זשוקעס), פליגעלעך, פרייסלעך,
פון יענע, וואָס זענען קליינער ווי אַ שפּילקעקאָפּעל, ביז דעם
העלפאַנד, לויתן, די גראָסטע אונטער די חיות, אַללע אָטהמען
מיט זויערשטאָף, דאָס הייסט, זיי אָטהמען אין זיך אַריין די לופט
אונ פערנוטצען אויף זיך נור דען זויערשטאָף. מיר ווייסען, אַז
דאָס אָטהמען בעשטעהט אין דעם, וואָס פריהער נעהמען מיר
אין זיך אַריין לופט, דערנאָך לאָזען מיר זי אַרויס. צווישען דער
לופט, וועלכע מיר נעהמען אַריין, אונ צווישען דער, וועלכע מיר
לאָזען אַרויס, איז פערהאַנען אַ גרויסער חלוק. ווי די געלעהרטע
האָבען אויסגעפאָרשט, געפינט זיך אין זיי איין צאָהל שטיקשטאָף,
נור זויערשטאָף איז אין דער אַרויסגעאָטהמעטער לופט ווייניגער,
ווייל איין טהייל האָבען מיר פערנוטצט צו'ם לעבען; אַנשטאַט
דעם פערנוטצטען זויערשטאָף אָטהמען מיר אַרויס קוילענזויערע,
וועלכע איז אין דער אַרויסגעאָטהמעטער לופט הונדערט מאָל מעהר,
אַלס אין געוועהנליכער, אַלזאָ, אויב ערגיטץ אין אַ צימער געפינען
זיך אַ סך מענשען אַ לאַנגע צייט, וועט זיך דער צאָהל פון זויערשטאָף

אַלץ מֶעהר אונ מֶעהר פֶערקְלֶענֶערן, אונ דֶער צָאהל פון קוילֶענ־זויעֶרע וֶועט זיך פֶערגְרֶעססֶערן אונ אָטְהֶמֶען וֶועט זַיין שְׁוֶוערֶער אונ שְׁוֶוערֶער. דָאס עֶרְשְׁטֶע, וָואס וֶועט אָנְוַוייזֶען אויף אַ גְרויסֶען צָאהל קוילֶענְזויעֶרע — זֶענֶען דִי לִיכְט, וֶועלְכֶע וֶועלֶען אָנְהֶעבֶּען דונְקֶעל צו בְּרֶענֶען, אונ דֶערנָאך גָאר פֶערלֶאשֶׁען זִיך. אִיך מֵיין, אַז יֶעדֶער פון אונְז הָאט בֶּעמֶערְקְט, אַז עֶס פֶערלֶאשְׁט זִיך אַ לִיכְט יום כִּפּוּר אִין שוּהל; דָאס אִיז דֶערְפַאר, וָואס עֶס קְלַייבְּט זִיך אָן אַ סַך קוילֶענְזויעֶרֶע פון גְרויסֶען עוֹלָם אונ לָאזְט נִישְׁט בְּרֶענֶען. מֶען זָאלל פֶערְשְׁלִיעסֶען אֵיינִיגֶע מֶענְשֶׁען אִין אֵיין צִימֶער אונ נִישְׁט אויסְלופְטֶען עֶס, וֶועלֶען זַיי פֶערְנִיטְצֶען צו׳ם אָטְהֶמֶען כִּמְעַט דֶען גאנְצֶען זויעֶרְשְׁטָאף, וֶועלְכֶער וֶועט זִיך פֶערְבַייטֶען אויף קוילֶענ־זויעֶרֶע, אונ דִי מֶענְשֶׁען וֶועלֶען דֶערְשְׁטִיקְט וֶוערֶען אונ שְׁטַארְבֶּען, וַוייל אִין אַזַא לופְט, וואו עֶס אִיז אַ סַך קוילֶענְזויעֶרֶע אונ וֶוענִיג זויעֶרְשְׁטָאף קֶאנֶן נִישְׁט לֶעבֶּען קַיין לֶעבֶּעדִיג בֶּעשֶׁאפֶענִיש. מִיר הָאבֶּען אָפְט גֶעהֶערְט וֶוענֶען אומְגְלִיקְלִיכֶע צופאלֶלֶען מִיט מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיך אַרָאבְגֶעלָאזֶען אִין בְּרונֶענ׳ס אונ מֶען הָאט זַיי אַרויס גֶענוּמֶען פון דָארְט׳ן טוידְטֶע. אַ צַייט הָאט מֶען גֶעגְלויבְּט, אַז „נִישְׁט גוּטֶע״ וואהְנֶען אִין דִי בְּרונֶענ׳ס. נור גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען אויסְגֶעפָארְשְׁט דִי לופְט, וֶועלְכֶע גֶעפִינְט זִיך אִין דִי בְּרונֶענ׳ס, אונ גֶעפונֶען, אַז דָארְטִין אִיז פֶערְקְלִיעבֶּען אַ גְרויסֶער צָאהְל קוילֶענְזויעֶרֶע. יֶעטְצְט אִיז מֶען שׁוין קְלוּג גֶעוָוארֶען: אֵיידֶער מֶען לָאזְט זִיך אַרָאבּ אִין אַ בְּרוּנֶען, לָאזְט מֶען אַרָאבּ אַ בְּרֶענֶענְדִיג לִיכְט — פֶערלֶאשְׁט זִיך נִיט דָאס לִיכְט, קָאנֶן מֶען קְרִיכֶען, אָבֶּער פֶערלֶאשְׁט זִיך עֶס, טָאר מֶען נִישְׁט קְרִיכֶען, וַוייל דָארְט׳ן אִיז אַ סַך קוילֶענְזויעֶרֶע אונ מֶען קָאנֶן דֶערְשְׁטִיקְט וֶוערֶען. שְׁווִימְט דָאך דָא יֶעטְצְט אַרויס דִי קַשְׁיָא: עֶס זֶענֶען דָאך דָא לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶענִישׁ, „וִיפִיעל שְׁטֶערְן אִין הִימֶעל, וִויפִיעל זַאמְד אויפ׳ן בְּרֶעג יַם״, אונ אִין אַ מֶשֶׁך פון אִיך וַוייס וִויפִיעל טויזֶענְד יָאהר גֶעהֶמֶען זַיי אִין זִיך אַריין שְׁטֶאנְדִיג זויעֶרְשְׁטָאף אונ לָאזֶען אַרויס קוילֶענְזויעֶרֶע אונ דָאך הָאבֶּען זַיי נָאך נִישְׁט פֶערְנוּטְצְט דֶען גַאנְצֶען זויעֶרְשְׁטָאף אונ נִישְׁט פֶערְבִּיטֶען אִיהְן אויף קוילֶענְזויעֶרֶע? נָאך מֶעהר דַארְפֶען מִיר זִיך וואונְדֶערְן, וֶוענֶן דִי וִויסֶענְשַׁאפְט זָאגְט אונְז, אַז, חָאטְשׁ דֶער זויעֶרְשְׁטָאף וֶוערְט

אָהִן אַיין אויפְהֶאר פֶערְנוּטְצְט דורְךְ דִי לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶּענִישׁ. װערְט דָאךְ זַיין צָאהְל נִישְׁט קְלֶענֶער, אוּנ דֶער צָאהְל פוּן קוילֶענְ־זױעֶרֶע פֶּערְגְרֶעסֶערְט זִיךְ נִישְׁט, וואוּ שְׁוֶע קוּמְט אַהִין דִי קוילֶענְ־זױעֶרֶע אוּנ פוּן וַואנֶען נֶעהְמְט זִיךְ דֶער זױעֶרְשְׁטָאף? לָא'מִיר אוּנְז נֶענױעֶר צוּ־קוּקֶען צוּ אַ בְּלַאטט פוּן עֶפִּים אַ בּוים, נַאטִירְלִיךְ, נִישְׁט מִיט'ן אויג אַלַיין — מִיר וֶועלֶען זֶעהְן בֶּעקוּמֶען אֶרְגִיטְץ־וואוּ אַ פֶערְגְרֶעסֶער גְלָאז, אַ שְׁפַּאקְטִיפֶּעל, אוּנ מִיט דֶעם פֶערְגְרֶעסֶער גְלָאז וֶועלֶען מִיר זִיךְ גוּט צוּקוּקֶען צוּ'ם בְּלַאטט: אויף דֶער אוּנְטֶער־שְׁטֶער זַייט וֶועלֶען מִיר דֶערְזֶעהֶען קְלַיינֶע שְׁפַּארֶעס, שְׁפָּאלְטֶעלֶעךְ. וָואס זֶענֶען דָאס פַאר אַ שְׁפַּארֶעס אוּנ צוּ וָואס דַארְף זַיי דִי שְׁפְּרָאצוּנְג הָאבֶּען? דִי שְׁפַּארֶעס דַארְף הָאבֶּען דִי שְׁפְּרָאצוּנְג צוּ'ם אָטְהְמֶען. וִוי מִיר אָטְהְמֶען, אַרַיינְגֶעהְמֶענְדִיג דִי לוּפְט מִיט'ן מויל, אַזוי אָטְהֶעמְט דִי שְׁפְּרָאצוּנְג דוּרְךְ דִי שְׁפַּארֶעס. אָבֶּער דִי שְׁפְּרָאצוּנְג בֶּענוּטְצְט זִיךְ נִישְׁט נָאר מִיט דֶעם זױעֶרְשְׁטָאף, וֶועלְכֶע דִי לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶּענִישׁ דַארְפֶען, נוּר זִי בֶּענוּצְט זִיךְ אויךְ מִיט דֶעם, וָואס אִיז שֶׁעדְלִיךְ פַאר לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנ מַאכְט שְׁלֶעכְט דִי לוּפְט — מִיט קוילֶענְזױעֶרֶע, וֶועלְכֶע דִי שְׁפְּרָאצוּנְג. אַרַיינְנֶעהְמֶענְדִיג, אַרְבֵּייט אִיבֶּער אויף אַ בֶּעזוּנְדֶער אוֹפֶן אוּנ גִיט פוּן אִיהר אַרוים זױעֶרְשְׁטָאף. אַזוי גֶעהְט עֶס אַיין אַייבִּיג דְרֶעהֶענִישׁ; דִי לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁאפֶּענִישׁ נֶעהְמֶען אַרַיין דֶען זױעֶרְשְׁטָאף, וֶועלְכֶען דִי גֶעווִיקְסֶע גֶעבֶּען אַרוים, אוּנ גִיבֶּען אַרוים קוילֶענְזױעֶרֶע, וָואס אִיז נֵייטִיג פַאר דִי גֶעווִיקְסֶע. נוּר אויבּ דִי גֶעווִיקְסֶע אָטְהְמֶען מִיט דִי בְּלֶעטֶער, הֶערֶען זַיי דָאךְ אויף וִוינְטֶער צוּ אָטְהְמֶען, הֶערֶען זַיי דָאךְ, הֵייסְט עֶס, אויף אַרַיינְגֶעהְמֶען אִין זִיךְ דִי קוילֶענְזױעֶרֶע אוּנ אויסְאַרְבֵּייטֶען זױעֶרְשְׁטָאף, דַארְף דָאךְ וִוינְטֶער דִי לוּפְט זֶעהְר אוּנ זֶעהְר שְׁלֶעכְט זַיין, וַוייל עֶס אִיז דָא אַ סַךְ קוילֶענְזױעֶרֶע? דָאס וָואלְט טַאקִי אַזוי זַיין, וֶוענְן אִין אַיין צַייט וָואלְט אוּמֶעטוּם אויף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען וִוינְטֶער; נוּר דִי מַעֲשֶׂה אִיז נִישְׁט אַזוי, אוּנ עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנְן אַ סַךְ לֶענְדֶער, וואוּ עֶס שְׁטֶעהְט אַ הֵייסֶער זוּמֶער, וֶוענְן בַּיי אוּנְז אִיז וִוינְטֶער. דִי גֶעווִיקְסֶע פוּן יֶענֶע לֶאנְדֶער אָטְהֶמֶען אַרוים זױעֶרְשְׁטָאף אוּנ דֶער ווִינְד בְּרֵיינְגְט אִיהְן אַהֶער צוּטְרָאגֶען אוּנ פֶערְטְרָאגְט פוּן אוּנְז דִי אִיבֶּעריגֶע קוילֶענְזױעֶרֶע. בְּלַייבְּט אוּנְז נָאךְ „תּוֹכַר וְדוֹרֵשׁ" זַיין: וָואס אִיז דָאס אַזױנְס

דער שְׁטִיקְשְׁטָאף, וועלכֶער אִיז גָאר אַ סַך אִין דֶער לוּפְט ! צוּ דַארְף מֶען אִיהְן טַאקִי נוּר צוּלִיעב דֶעם, מֶען זָאלל מִיט אִיהְם פֶערְנַאנְדֶערְפִיהְרֶען דֶען זויעֶרְשְׁטָאף ? מִיר זָאללֶען אוּנְז ווִי גֶעהֶארִיג אִיז עֶרְקְלֶערֶען, אויף וָואס דַארְף מֶען דֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף, וֶועלֶען מִיר אויף אַ ווַיילֶע פֶערְלָאזֶען דִי לוּפְט אוּנ פֶערְנֶעהְמֶען זִיךְ כְּלוֹמַר׳שְׁט מִיט אַיין אַנְדֶער זַאךְ. אַזָאלְכֶע קֶארְפֶּער, ווִי זויעֶרְשְׁטָאף אוּנ שְׁטִיקְשְׁטָאף, גֶעפִינֶען זִיךְ זֶעלְטֶען אִין אַזַא אַיינְפַאכֶען צוּשְׁטַאנְד, ווִי אִין דֶער לוּפְט; זַייא קֶאנֶען מֶען אֶפְטֶער גֶעפִינֶען בֶּעהֶעפְט מִיט אַנְדֶערֶע זַאכֶען. מִיר לֶעגֶען, צוּם בַּיישְׁפִּיעל, אַוֶועק אַ שְׁטִיקֶעל אַייזֶען אִין אַ פַייכְטֶען אָרְט, זֶעהֶען מִיר, אַז עֶס פֶערְדֶעקְט זִיךְ מִיט שִׁימֶעל. מִיר וֶועלֶען צוּנ׳אויפְקְלויבֶּען דֶען שִׁימֶעל אוּנ אָנְהֶעבֶּען אָנְבְּרֶענְגֶען אִין אַזַא כֵּלִי, אַז מִיר זָאללֶען קֶאנֶען אָנְקְלויבֶּען דִי לוּפְט, וֶועלְכֶע וֶועט פוּן דָארְט אַרויס.

אָט ווִי דִי גֶעלֶעהְרְטֶע טְהוּעֶן עֶס:

זַיי נֶעהְמֶען אַ גְלֶאזֶערְנֶע כֵּלִי, וָואס אִיז אֶהְנְלִיךְ אויף אַ בִּירְנֶע, נוּר מִיט אַ לֶאנְגְלִיכֶען אוּנ פֶערְבֵּייגְטֶען עֶק, וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען רֶעטָארְטֶע. אִין דֶער דָאזִיגֶער כֵּלִי לֶעגְט מֶען דָאס אַריין דִי פֶערְשִׁימֶעלְטֶע שְׁטִיקְלֶעךְ אַייזֶען. דָאס הֶאלְזֶעל פֶערְשְׁטָאפְּט מֶען מִיט אַ פְּרָאפְּפֶען, אוּנ דוּרְךְ דֶען פְּרָאפְּפֶען צִיהְט מֶען דוּרְךְ אַ גְלֶאזֶערְן פֶערְבֵּייגְט רֶערְ׳ל; דָאס רֶערְ׳ל טְהוּט מֶען אַרַיין אִין אַ שִׁיעסֶעל מִיט וַואססֶער, אוּנ אִיהְר עֶק פִיהְרְט מֶען אוּנְטֶער אוּנְטֶער אַ גְלָאז, וָואס אִיז אָנְגֶעפִילְלְט מִיט וַואססֶער אוּנ אִיבֶּערְגֶעקֶערְט אויף דֶער שִׁיעסֶעל. ווֶענְן מֶען הֶעבְּט אָן אוּנְטֶערְוַוארְמֶען דִי שְׁטִיקְלֶעךְ אַייזֶען, הֶעבְּט אָן אַרויסְצוּגֶעהְן פוּן דֶער רֶעטָארְטֶע דִי לוּפְט, וֶועלְכֶע פֶערְקְלויבְּט זִיךְ אִין גְלָאז אוּנ שְׁטוּפְּט אַרויס דָאס וַואססֶער. נָאכ׳ן אָנְוַוארְמֶען וֶועלֶען בְּלַייבֶּען אִין דֶער רֶעטָארְטֶע דִי שְׁטִיקְלֶעךְ אַייזֶען אָהְן שִׁימֶעל, אוּנ אַז מִיר וֶועלֶען זִיךְ נֶעהְמֶען צוּ דֶער לוּפְט, וָואס הָאט זִיךְ פֶערְקְלִיעבֶּען אִין גְלָאז, וֶועלֶען מִיר בַּאלְד דֶערְגֶעהְן, אַז דָאס אִיז גָאר קֵיין לוּפְט נִישְׁט, נוּר זויעֶרְשְׁטָאף; מִיר וֶועלֶען אַרַיינְטְהוּן אִין גְלָאז אַ רויכֶערְדִיג שְׁפֶּאנְדֶעל, וֶועט זִיךְ גְלַייךְ אָנְצִינְדֶען — דָאס אִיז דֶער בֶּעסְטֶער סִימָן אַז דָא גֶעפִינְט זִיךְ נוּר זויעֶרְשְׁטָאף, ווַייל אִין זויעֶרְשְׁטָאף בְּרֶענֶען אַלֶע קֶארְפֶּער

גֶעשְׁווִינְדֶער, אַלְס אִין דֶער לוּפְט. אַלְזָא אִיז שִׁימֶעל — אַייזֶען בֶּעהֶעפְט מִיט זוֹיעֶרְשְׁטָאף; דָאס אַייזֶען אִיז זִיךְ גֶעלֶעגֶען אִין פַייכְטֶער לוּפְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט מִיט זוֹיעֶרְשְׁטָאף; מִיר הָאבֶּען עֶס דֶערְוַוארְמְט, הָאט עֶס זִיךְ אָבְּגֶעטְהֵיילְט. אַ זָאלְכֶע בֶּעהֶעפְטוּנְגֶען, צוּזַאמֶענְשְׁטֶעללוּנְגֶען גֶעפִינֶען מִיר אַ סַךְ אַ סַךְ אוּנ אַללֶע זַאכֶען, וָואס מִיר זֶעהֶען, זֶענֶען אָדֶער אֵיינְפַאכֶע קֶארְפֶּער, פַאר זִיךְ, נִישְׁט בֶּעהֶעפְטֶע, עֶלֶעמֶענְטֶען, ווִי אַייזֶען, זוֹיעֶרְשְׁטָאף, שְׁטִיקְשְׁטָאף אָדֶער בֶּעשְׁטֶעהֶען פוּן אֵיינִיגֶע קֶארְפֶּער צוּזַאמֶען, צוּ'ם בַּיישְׁפִּיעל, וַואסֶער בֶּעשְׁטֶעהְט פוּן זוֹיעֶרְשְׁטָאף אוּנ פוּן נָאךְ אַזַא גַאזְעֶהְנִיליכֶען קֶארְפֶּער, וֶועלְכֶען מֶען רוּפְט וַואסֶערְשְׁטָאף, וַוייל עֶר מַאכְט וַואסֶער. מִיר וֶועלֶען אַרַיינְנֶעמֶען אִין אַ גְלָאז אֵיין טְהֵייל זוֹיעֶרְשְׁטָאף אוּנ צְוֵויי טְהֵיילֶען וַואסֶערְשְׁטָאף, וֶועלֶען דָאס מִישׁוּנְג אָנְצִינְדֶען — וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען וַואסֶער.

דֶער שְׁטִיקְשְׁטָאף קוּמְט אָפְט אַרַיין אִין אַ סַךְ זַאכֶען, אוּנְטֶער דֶעם — אִין אַלֶץ, וָואס מִיר עֶססֶען; אִין פְלֵייש, אִין אֵייעֶר, אִין בְּרוֹיט אוּנ נָאךְ אַזָאלְכֶע. וִוי, צוּם בַּיישְׁפִּיעל, קוּמְט שְׁטִיקְשְׁטָאף אִין בְּרוֹיט? בְּרוֹיט וֶוערְט גֶעבַּאקֶען פוּן מֶעהְל, מֶעהְל פוּן קָארְן אוּנ ווַייצֶען קֶערְנֶער, אוּנ אִין דִי קֶערְנֶער גֶעפִינְט עֶר זִיךְ דֶערְפַאר, וָואס קָארְן אוּנ וַוייץ הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען מִיט דִי וָוארְצְלֶען פוּן דֶער עֶרְד. מֶעהְר פַאר אַלֶץ גֶעפִינְט זִיךְ שְׁטִיקְשְׁטָאף אִין קֶערְנֶער, אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶע טְהֵייל קֶערְנֶער וֶוערְט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דָארְף אִין שְׁטָאדְט אוּנ וֶוערְט נִישְׁט אוּמְגֶעקֶערְט צוּרִיק. אִין דָארְף, וואו מֶען פֶערְזָאהְט בְּרוֹיט, בְּלַייבְּט נוּר שְׁטְרוֹי, אִין וֶועלְכֶער עֶס אִיז זֶעהְר וֶוענִיג שְׁטִיקְשְׁטָאף. אוּנ אָט שְׁלֶעפְּט מֶען, צִיהְט מֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף פוּן דֶער עֶרְד, נוּר וֶוענְן עֶס אִיז וֶועט דָאךְ נֶעהְמֶען אַ סוֹף דָאס שְׁלֶעפֶּען, עֶס מוּז דָאךְ אוֹיסְגֶעהְן שְׁטִיקְשְׁטָאף. פוּן וַואנֶען־זְשֶׁע וֶועט מֶען דַאמָאלְס נֶעהְמֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף? אַז דִי עֶרְד וֶוערְט מָאגֶער אוּנ גִיט שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט קֵיין פְרוּכְטֶען, דַאמָאלְס מִיסְטִיגְט מֶען זִי, מֶען בֶּעדֶעקְט זִי מִיט מִיסְט, מִיט דִינְגֶער (נַאוָואז); אָבֶּער אִין דֶעם דִינְגֶער גֶעפִינְט זִיךְ דֶער עִיקָר שְׁטְרוֹי אוּנ הֵיי אוּנ חַיָה'שֶׁע קוֹיט (צוֹאָה), אִין וֶועלְכֶען עֶס גֶעפִינְט זִיךְ שְׁטִיקְשְׁטָאף גַאנְץ הִיבְּשׁ, אָבֶּער אַלֶץ נִישְׁט אַזוֹי פִיעל, וִויפִיעל מֶען פִיהְרְט אַרוֹיס מִיט דֶער תְּבוּאָה;

אַלְזָא קֶאנן דָאס מִיסְטִיגֶען מִיט דִינְגֶער נִישְׁט אוּמְקֶערֶען דֶען גַאנְצֶען הֶוִיק פוּן שְׁטִיקְשְׁטָאף, אוּנ דִי עֶרְד וֶוערְט אָרם מִיט שְׁטִיקְשְׁטָאף. דַאמָאלְס מוּז מֶען אָנְקוּממֶען צוּ אַנְדֶערֶע מִיטטְלֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אִין זִיךְ אַ סַךְ שְׁטִיקְשְׁטָאף; אַזַא מִיטטֶעל אִיז סֶעלִיטְרַא, נוּר עֶס קָאסְט זֶעהְר טְהַייֶער. צוּ אִיז נִישְׁט דָא עֶפִּים נָאךְ אַ מִיטטֶעל, וִוי אוּמְצוּקֶעהְרֶען דֶער עֶרְד דֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף? וַוייזְט זִיךְ אוֹיס, אַז עֶס אִיז פֶערְהַאנן אוּנ דַוְקָא גָאר אַיין אֵיינְפַאךְ מִיטטֶעל. דִי מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹי: דִי עֶרְד, דֶערְהוֹיפְּט שְׁוַוארְצֶערְד, הָאט אִין זִיךְ דִי פֶּאהִיגְקַייט אַרַיינְנֶעהְמֶען שְׁטִיקְשְׁטָאף פוּן דֶער לוּפְט, מֶען דַארְף זִי נוּר גוּט אוֹיפְאַקֶערֶן אוּנ אוֹיפְגֶעאַקֶערְטֶערְהֵייט לָאזֶען, דָאס הֵייסְט, אַנְדֶערְשׁ גֶערֶעדְט: אִיבֶּערְלָאזֶען זִי פְרַיי, מַאכֶען אַ שְׁמִיטָה־יָאהְר. עֶס אִיז דָא נָאךְ אַ מִיטטֶעל. גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען דֶערְוואוּסְט, אַז אֵיינִיגֶע גֶעוִויקְסֶע, וִוי צוּ׳ם בַּיישְׁפִּיעל אַרְבִּים, וִויקֶא, לִינְזֶען, קֶאנְנֶען וַואקְסֶען אוֹיף עֶרְד, וֶועלְכֶע הָאט גָאר קֵיין שְׁטִיקְשְׁטָאף נִישְׁט, אוּנ לָאדַי וָואס זֵיי וַואקְסֶען אַלֵיין אוֹיס — בְּלַייבְּט נָאךְ אִיבֶּער נָאךְ זֵיי אִין דֶער עֶרְד אַ סַךְ שְׁטִיקְשְׁטָאף, וַוייל זֵיי הֶעלְפֶען דֶער עֶרְד אַרוֹיסְצִיהֶען אִיהְן פוּן דֶער לוּפְט. אוּנ אָט, אוֹיבּ דִי עֶרְד וֶוערְט אָרם מִיט שְׁטִיקְשְׁטָאף אוּנ הֶארְט־אוֹיף צוּ גֶעבֶּען פְרוּכְטֶען, דַארְף מֶען זִי נוּר פֶערְזֶאהֶען מִיט לִינְזֶען אָדֶער אַרְבִּים אוּנ זִי וֶוערְט וַוייטֶער רַייךְ מִיט שְׁטִיקְשְׁטָאף.

אַלְזָא אִיז שְׁטִיקְשְׁטָאף, וִוי מִיר הָאבֶּען יֶעטְצְט דֶערְגַאנְגֶען, נוּיטִיג נִישְׁט נוּר צוּ מַאכֶען שִׁיטטֶער דֶען זוֹיעֶרְשְׁטָאף, נוּר מִיר דַארְפֶען אִיהְן נָאךְ הָאבֶּען, וִוי אַ נוּיטִיגֶען טְהֵייל פוּן אוּנְזֶער שְׁפַּייז, אוּנ גְלַאט אָהְן אִיהְם וָואלְט קֵיין גֶעוִויקְס נִישְׁט אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען.

אוּנְזֶער בֶּעשְׁרַייבּוּנְג, פוּן וָואס דִי לוּפְט בֶּעשְׁטֶעהְט, וָואלְט גֶעלִיטטֶען, אוֹיבּ מִיר וָואלְטֶען נִישְׁט דֶערְמָאנְט נָאךְ אֵיינִיגֶע טְהֵיילֶען. דִי טְהֵיילֶען זֶענֶען אִין גֶעוואהְנְלִיכֶער לוּפְט אַזוֹי וֶוענִיג אוּנ וֶוענֶען זֵיי וָואלְט מֶען מֶאגֶען נִישְׁט רֶעדֶען אוֹיךְ, וֶוענְן עֶס וָואלְטֶען נִישְׁט זַיין אַזָאלְכֶע אֶרְטֶער, וואוּ זֵיי, דִי טְהֵיילֶען, גֶעפִינְנֶען זִיךְ זֶעהְר אַ סַךְ אוּנ זֶענֶען דַאנן זֶעהְר שֶׁאדְלִיךְ פַאר׳ן גֶעזוּנְד. וָואס זֶענֶען עֶס פַאר אַ טְהֵיילֶען אוּנ פוּן וַואנְנֶען נֶעהְמֶען זֵיי זִיךְ? מִיר וַוייסֶען, אַז יֶעדֶען טָאג צוּשְׁטַארְבֶּען זֶעהְר אַ סַךְ מֶענְשֶׁען אוּנ חַיוֹת, אוּנ עֶס

װערען פערניכטעט א סך געװיקסע. מענשען בעגראבט מען, חיות, דער הויפט װילדע, בלייבען אויפ'ן ארט, װאו זיי האבען געפונט און פוילען; אזו אויך פוילען בוימער און אנדערע געװיקסע

אז מען געהט צו פון װייטען צו אזא פוילענדער חיה, פילט מען א שרעקליך שלעכטען ריח; דער ריח נעהמט זיך פון דעם, װאס די פוילענדע חיה לאזט פון זיך ארויס װעהר א סך שטינקענדע גאזען. אזוי אויך אין געמויזעכצען, אין זומפען, פוילען א סך װאסערגעװיקסע און לאזען ארויס גאזען; עס איז דא אפילו א גאז, װאס װערט אנגערופען זומפף-גאז. די אללע גאזען זענען זעהר שעדליך פאר'ן געזונד און אויב ערגיטץ-װאו געפינגען זיך א סך זומפען אדער געפגרטע חיות, װייזט זיך עס באלד אויף די מענשען. אויף קאװקאז אין איינגע װאלדיגע ערטער זענען פערהאנן א סך זומפען; אין די זומפען א סך פוילענדע געװיקסע און דערפאר איז דארט'ן די לופט אנגעפיללט מיט א סך שלעכטע גאזען און כמעט אללע איינװאהנער פון יענער געגענד קראנקען אויף קדחת; מען דארף אהין אװעקפאהרען חאטש אויף א קליינע צייט, װעט מען זיך שוין דערנאך לאנג נישט אבבינדען פון דער קדחת. דער פיבער װערט טאקי אנגערופען זומפף אדער קאװקאז-פיבער. אזאלכע זומפיגע ערטער זענען דא זעהר א סך און דאס איינציגע מיטטעל פטור צו װערען פון דער פערשלעפטער קראנק איז — אויסטריקנען די זומפען. אומעטום, װאו מען האט עס געטהון, איז מען טאקי ערלויזט געװארען פון קדחת. אין ענגלאנד האט מען אויסגעטריקענט אללע זומפען, איז דארטען קיין קדחת נישט דא. אין דער לעצטער צייט האבען די געלערטע דערגאנגען, אז נישט די שלעכטע גאזען, װאס געהען ארויס פון די זומפען, זענען שולדיג אין דער קדחת אדער אין די אנדערע קראנק, נור אז זיי העלפען נור אונטער די אללע קראנק צו ענטװיקלען זיך, פערגראסערן זיך, און דער הויפט זענען א זאלכע בעזונדערע קליינע שװאמלעך, װאס װערען געבארען גאנצע חילות אין זומפען און אין איינעם מיט די גאזען העבען זיי זיך אויף פון די זומפען און טראגען זיך ארום אין דער לופט. צוזאממען מיט דער לופט דרינגען זיי אריין אין מענשען און מאכען דארטין אן אללערליי קראנקהייטען. שװער איז געװעזען דעם

פֶּענְשֶׁען אויפְצוּזוּכֶען דִי שְׁוֶואמֶלֶעךְ, וַוייל זַיי זֶענֶען אַזוֹי קְלַיין, אַז וֶוען מֶען פֶּערְגְרֶעסֶערְט זַיי אֲפִילוּ אִין טוֹיזֶענְד מָאל, זֶעהֶען זַיי אַלְץ אויס ווִי דֶער שְׁפִּיטְץ פוּן אַ נָאדֶעל. דִי שְׁוֶואמֶלֶעךְ הָאבֶּען בֶּעזוּנְדֶערֶע גֶעשְׁטַאלְטֶען, דָאס דִי גֶעשְׁטַאלְט פוּן פִּינְטֶעלֶעךְ, דָאס — פוּן שְׁטֶעקֶעלֶעךְ, דָאס — פוּן קָאמְמַאס (אַ זַאפְּיַאטַאיַא), הֶעקֶעלֶעךְ אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער. עֶס הָאט גֶערָאטְהֶען גֶעפִינֶען זַיי נוּר דַאמָאלְס, וֶוענְן מֶען הָאט זִיךְ אויסְגֶעלֶערְנְט מַאכֶען אַ זֶאלְכֶע גְלֶאזֶער, אַז וֶוען מֶען קוּקְט אִין זַיי אויף עֶפִּים, פֶּערְגְרֶעסֶערְט זִיךְ דִי זַאךְ אִין 200, 300, 600, 1000 אוּנ אֲפִילוּ מֶעהְרֶער מָאל. דֶערְנָאךְ הָאט מֶען אָנְגֶעהויבֶּען בֶּעקוּקֶען מִיט אַזַא גְלָאז אַ טְרָאפְּפֶען וַואסֶער אוּנ דֶערזֶעהֶען, אַז אִין דֶעם טְרָאפְּפֶען וַוארְפֶען זִיךְ אוּם אַ סַךְ קְלַיינֶע פֶּערְשִׁיעדֶענְאַרְטִיגֶע חַיוֹת'לֶעךְ. אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט הָאט מֶען בֶּעמֶערְקְט, אַז אויבּ מֶען לֶעגְט אַוֶועק אַ שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, פֶערְדֶעקְט אִיהְן מִיט אַ גְלָאזְגְלָאקֶע (קָאלְפַאק), אַזוֹי אַז קַיין פְלִיעג וֶועט נִישְׁט צוּ קוּמֶען, דָאךְ הֶעבְּט אָן אִין עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּם דָאס פְלֵייש צוּפוילֶען אוּנ עֶס בֶּעוַוייזְט זִיךְ אויף אִיהְם שִׁימֶעל אוּנ נָאךְ עֶפִּים אַזֶאלְכֶעס, נוּר אַז מִיר וֶועלֶען אויסְפּוּמְפֶּען פוּן אוּנְטֶערן דֶעקֶעל דִי לוּפְט, וֶועט זִיךְ קַיין שִׁימֶעל נִישְׁט בֶּעוַוייזֶען. אַלְזָא, הָאבֶּען דִי גֶעלֶעהְרְטֶע גֶעטְרַאכְט, דָאס צְוַוייטֶע מָאל הָאט זִיךְ נִישְׁט בֶּעווִיזֶען קַיין שִׁימֶעל אָדֶער דֶערְפַאר, וָואס אָהְן לוּפְט קָאנְן זִי נִישְׁט וַואקְסֶען, ווִי עֶס קָאנְן נִישְׁט וַואקְסֶען אָהְן לוּפְט קַיין שְׁפְּרָאצוּנְג אוּנ קַיין חַיָה, אָדֶער דֶערְפַאר, וָואס אִין דֶער לוּפְט גֶעפִינֶען זִיךְ אִיהְרֶע זָאמֶען, אוּנ אַז מֶען הָאט אויסְגֶעפּוּמְפְּט דִי לוּפְט, הָאט מֶען שׁוֹין אִין אַיינֶעם מִיט אִיהְר אַרויסְגֶעצויגֶען פוּן אוּנְטֶערן דֶעקֶעל דִי זָאמֶען, אוּנ דֶערְפַאר וַואקְסְט קַיין שִׁימֶעל נִישְׁט. דַארף מֶען, הַייסְט עֶס, פְּרוּבֶען אָנְפִּילֶען דָאס דֶעקֶעל מִיט אַזַא לוּפְט, אִין וֶועלְכֶער דִי זָאמֶען הָאבֶּען פֶּערְלָארֶען דִי מֶעגְלִיכְקַייט אויסְצוּוַואקְסֶען. דֶערצוּ אִיז גֶענוּג וָואס שְׁטַארְקֶער אָנְצוּוַוארְמֶען דִי לוּפְט, אוּנ דֶערְנָאךְ אָבְּקִיהְלֶען זִי אוּנ אַרַיינְלָאזֶען אוּנְטֶערן דֶעקֶעל. מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִי פְּרוּב — אוּנ זִי הָאט זִיךְ זַיי אַיינְגֶעגֶעבֶּען. אוּנְטֶערן דֶעקֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען גֶענוּג לוּפְט אוּנ קַיין שִׁימֶעל הָאט זִיךְ נִישְׁט בֶּעווִיזֶען — אַ סִימָן, אִיז אִין דֶער לוּפְט זֶענֶען שׁוֹין קַיין זָאמֶען נִישְׁט גֶעוֶועזֶען.

צו איז נישט דא אין דער לופט, האט מען דאמאלס א טראכט
געטהון, אויסער שימעל-זאמען, זאמען פון נאך וועלכע
שוואמעלעך. מען האט בעשלאססען ארויסשטעללען עפּים עססעני-
ווארג א די זאמען; צו וועט מען זיי אפשר פערנארען אויף
אזא אופן, אז נישט ווי חאפּט מען זיי אין דער לופט, אז מען
זעהט זיי נישט. מען האט ארויס געשטעלט אונ אין גיבען בעמערקט,
אז אויפ'ן עססענווארג האבען זיך בעוויזען ווייסע, גרויע אונ רויטע
פלעקען; מען האט גענוממען צו שטיקלעך פון די פלעקען, בעקוקט
זיי אין פערגראססער גלאזער אונ דערזעהען, אז די שטיקעלעך
בעוועגען זיך אונ אללע בעשטעהען פון א קופּע חיות'לעך — נישט
חיות'לעך, שוואמעלעך — נישט שוואמעלעך, מיט'ן אויסזעהן אהנליך
אויף שטאקעלעך, פינטעלעך אונ נאך עפּים. מען האט אנגעהויבען
שטעללען אזא עססענווארג אין יענע צימערן, וואו עס ליעגט
א קראנקער מיט איין אנשטעקענדער, זאראזשליווער קראנקהייט,
אונ בעמערקט, אז אין די צימערן געפינט זיך איין סארט
שוואמעלעך מעהר אלס אללע אנדערע אונ ביי גלייכע קראנקהייטען
אומעטום אלץ איין סארט; מען האט אויסגעפארשט דאס בלוט
אדער ליחה פונ'ם קראנקען אונ דערזעהען אז אינ'ם בלוט אדער
ליחה געפינען זיך שוואמעלעך פון דעם אייגענעם אויסזעהן. אויף
דעם סמך האט מען בעשלאססען, אז די שוואמעלעך מאכען דאס
אן די קראנקהייט, אז דערפאר, וואס זיי טראגען זיך ארום אין דער
לופט, ווערען אנדערע אנגעשטעקט. גענומען זיך אן פון דער
קראנקהייט. מען האט זיי געפונגען נישט נור אין דער לופט, נור
אפילו אין די וואש, אין בעטט אונ אין אלץ, וואס עס שטעהט
אין צימער אדער נעבען קראנקען; מען האט בעמערקט, אז אין
יענע קארפּער, וועלכע פוילען, געפינגען זיך שטאנדיג די שוואמעלעך
נאך מעהר, אונ דערפאר האט מען גוזר געוועזען, אז מען זאלל
ארויסטראגען אללע פוילענדע זאכען, כדי אויף צוהאלטען דאס
אנשטעקעניש, אונ אויב נישט דערווייטערן זיי, טא לכל הפּחות
בעגיעסען זיי מיט אזא זאך, וואס זאל טודטען די אללע שוואמעלעך,
וועלכע פיהרען זיך אין זיי; דערנאך אנפּילען דאס צימער מיט
עפּים אזוינס, וואס זאלל פערניכטען די זאמען פון די שוואמעלעך.

דֶערְפַאר בֶּעגִיעסְט מֶען דָארְט'ן, וואוּ עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ אַנְשְׁטֶעקֶענְדֶע קְרַאנְקֶע, מִיט קַארְבָּאל, בֶּעשְׁיטֶעט מִיט קַאלְךְ, מֶען רוֹיכֶערְט אוּנְטֶער מִיט עֶסִיג אוּנ נָאךְ אַזָאלְכֶע, אוּנ נָאךְ דִי קְרַאנְקֶע פֶּערְרוֹיכֶערְט מֶען מִיט רוֹיךְ אָדֶער שְׁוֶועבֶּעל, אוּנ דִי זַאכֶען וַואשְׁט מֶען אִין סוּבְּלִימַאט דִי קְלֵיינִינְקֶע שְׁוֶואמֶעלֶעךְ זֶענֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע פַיינְד פוּן מֶענְשֶׁען; זֵיי זֶענֶען שְׁרֶעקְלִיךְ מִיט דֶעם, וָואס זֵיי זֶענֶען זֶעהְר אַ סַךְ, וָואס זֵיי מֶעהֶרֶען אוּנ פְרוּכְטְבַּארֶן זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעשְׁווִינְד, אוּנ דֶער עִיקָר, מִיט דֶעם וָואס מֶען זֶעהְט זֵיי נִישְׁט. אַז מֶען זֶעהְט דֶען פַיינְד, אִיז לַייכְטֶער בַּייצוּשְׁטֶעהְן עֶנְטְגֶעגֶען אִיהְם, לַייכְטֶער אָבְּהִיטֶען זִיךְ פוּן אִיהְם, אוּנ דָא ווֵייסֶען מִיר נִישְׁט, ווָאוּ מִיר וֶועלֶען אִיהְן טְרֶעפֶען פוּן וַואנֶען פַאלְט עֶר אָן אוֹיף אוּנְז. מֶען דַארְף שְׁטַארְק דַאנְקֶען יֶענֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִישְׁט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע פַיינְד, אוּנ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט זֵייעֶר אַרְט לֶעבֶּען אוּנ דֶערְוואוּסְט, ווִי צוּ פֶערְנִיכְטֶען זֵיי אוּנ נִישְׁט לָאזֶען זֵיי לֶעבֶּען אוּנ מֶעהֶרֶען זִיךְ; אַ סַךְ פוּן דִי מֶענְשֶׁען, עוֹסֵק־דִיג זִיךְ מִיט דִי שְׁוֶואמֶעלֶעךְ, הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען אוּנ גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוֹיף זֵיי מֶאג מֶען גֶעווִיס זָאגֶען: „זֵכֶר צַדִיק לִבְרָכָה!” אוּנ אָבְּגֶעבֶּען זֵיי אַ דַאנְק דֶערְפַאר, וָואס זֵיי הָאבֶּען פַאר'ן טוֹיד נִישְׁט מוֹרָא גֶעהַאט אוּנ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען, כְּדֵי אוֹיסְצוּלָאזֶען אוּנְז פוּן אַ סַךְ קְרַאנְקְהַייטֶען.

אַ חוּץ דֶעם אַלְץ גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֶער לוּפְט אַ סַךְ שְׁטוֹיבּ; מִיר גֶעהֶען, רַייבֶּען אוּנְזֶערֶע שְׁטִיפֶּעל, עֶס רַייבֶּען זִיךְ אוּנְזֶערֶע קְלֵיידֶער אוּנ פוּן דֶעם אַלְץ וֶוערְט שְׁטוֹיבּ; דֶען שְׁטוֹיבּ זֶעהְט מֶען גֶעווֶאהְנְלִיךְ נִישְׁט, נוּר וֶוענְן דִי זוּנְן שַׁיינְט קָאנְן מֶען שְׁטַאנְדִיג בֶּעמֶערְקֶען, ווִי דִי שְׁטוֹיבֶּעלֶעךְ שְׁפִּיעלֶען אוֹיפ'ן זוּנְן גֶעגֶען פֶענְסְטֶער.

## VI.

## וֶועגֶען ווִינְטֶען אוּנ פְלִיהֶען אִין דֶער לוּפְט.

מִיר אֶפְפֶענֶען אוֹיף ווִינְטֶער דִי טְהִיר פוּן שְׁטוּבּ אִין פִירְהוֹיז, דֶערְפִיהְלֶען מִיר גְלַייךְ, אַז אִין דִי פִיס בְּלָאזְט אוּנְז אַ קַאלְטֶער־ווִינְד, אוּנ אוּנְזֶער קָאפְּף אוּנ בִּכְלַל דֶער גַאנְצֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע־טְהֵייל פוּן

אונזער קאָרפּער פיהלט נישט קיין קאַלט.

מיר טראָגען צו צו דער אָפּפענער טהיר אַליכט און מיר זעהען, אז, אויב מיר האַלטען דאס ליכט אונטען, וועט זיך די פלאַם צובייגען צו אונז, דאס הייסט צו'ם שטוב. אויב־זשע מיר וועלען האַלטען דאס ליכט אין דער הויך, וועט זיך די פלאַם אַיינבייגען פון שטוב צו'ם פירהויז; אין מיטטען — וועט די פלאַם רוהיג בלייבען. אונטען וועט זיך די פלאַם דערפאַר איינבייגען צו'ם שטוב, ווייל דאָרטען געהט יעטצט דורך די קאַלטע לופט פון פירהויז אין שטוב; אויבען שווימט די וואַרמע לופט פון שטוב אין פירהויז און דערפאַר בייגט זיך די פלאַם צו'ם פירהויז. לאָ'מיר אונז יעטצט ערקלערען, פאַר וואָס געהט עס אַזוי פאָר. מיר וואַרפען אַריין אין וואַססער אַ שטיין, אַ שטיקעל אַייזען, האָלץ, פּראָפּפען און בעטראַכטען, וואָס עס קומט דאָ פאָר. דער שטיין און דאָס אַייזען וועלען אַראָב צו'ם גרונד, דאָס האָלץ און דער פּראָפּפען וועלען שווימען אויפ'ן וואַססער, און לאו די וואָס זיי וועלען אַלליין שווימען, קאָנן מען נאָך צובינדען צו זיי קליינע שטיקלעך אַייזען, וועלען זיי דאָס אויך האַלטען אויפ'ן וואַססער. נור אַז מיר וועלען אַנלעגען אויף דאס האָלץ אָדער דען פּראָפּפען אַלץ מעהר און מעהר משא, וועלען סוף כל סוף אויך אַראָב צום גרונד; דערביי וועלען מיר בעמערקען, אַז דער פּראָפּפען דאַרף האָבען מעהר משא אַלס דאָס האָלץ.

צו זעהן מען נישט פון דעם ביישפיעל, אַז כל זמן דער פּראָפּפען איז געוועזען לייכט, האָט ער געשוואומען און ווי מען האָט איהן אָנגעלאָדען מיט שטיקלעך אַייזען, איז ער שווער געוואָרען און האָט זיך דערטרונקען.

געוועהנליך, ווי די געלעהרטע האָבען בעמערקט, שווימען, דאָס הייסט האַלטען זיך אויפ'ן וואַססער יענע זאַכען, וועלכע זענען לייכטער פאַר וואַססער. מיר ווייסען, אַז אייל איז לייכטער אַלס וואַססער; מיר וועלען איהן צו מישען מיט וואַססער אין אַ גלאָז און לאָזען זיך אָבשטעהן; דאָס אייל וועט זיך אַלץ אָנקלייבען אויפ'ן וואַססער, און דאָס וואַססער וועט זיין אונטען; הכלל. אַז מיר וועלען צונויפמישען צוויי פליעססיגקייטען, וועט שטאַנדיג די

לייכְטֶערֶע זַיין אויבֶּען, אונ דָאס אִיז גַאנְץ דַייטְלִיךְ; דִי עֶרְד צִיהְט דָאךְ צוּ שְׁטַארְקֶער שְׁוֶוערֶערֶע זַאכֶען, דֶערְפַאר צִיהְט זִיךְ צוּ דָאס וַואסֶער נִיכֶער צוּ׳ם דֶעק פוּן גְלָאז אונ וֶועט נִישְׁט דֶערְלָאזֶען אַהִין דָאס אֵייל. אִיבֶּער דֶער אֵייגֶענֶער סִבָּה גֶעהְט אַרויס דִי וַוארְמֶע לוּפְט פוּן אויבֶּען, וַוייל זִי אִיז לַייכְטֶער, אונ דִי קַאלְטֶע גֶעהְט אַרויס אוּנְטֶען, וַוייל זִי אִיז שְׁוֶוערֶער. פַאר וָואס זְשֶׁע אִיז דִי וַוארְמֶע לוּפְט לַייכְטֶער פַאר דִי קַאלְטֶע? מִיר וֶועלֶען נֶעהְמֶען אַ פְלַאשׁ, דִי גְרויס זְוִי אַיין עֶמֶער; אִין אִיהְר, נַאטִירְלִיךְ, אִיז פֶערְהַאנֶען לוּפְט; מִיר וֶועלֶען צוּמַאכֶען צוּ אִיהְר אַ פְרָאפְּפֶען אונ אַ פֶערְבֵּייגְט גְלֶאזֶערְן רֶאר׳ל; דֶען עֶק פוּנ׳ם רֶאר׳ל וֶועלֶען מִיר אַרַיינְלָאזֶען אִין וַואסֶער אוּנְטֶערְוַוארְמֶען; פוּן הִיטְץ וֶועט דִי לוּפְט אִין פְלַאשׁ בְּרֵייט וֶוערֶען, דִי פְלַאשׁ וֶועט שׁוין זַיין צוּ קְלֵיין פַאר אִיהְר אונ זִי וֶועט אָנְהֶעבֶּען אַרויסְגֶעהְן פוּן פְלַאשׁ דוּרְכ׳ן רֶאר׳ל; מִיר וֶועלֶען דָאס גְלַייךְ בֶּעמֶערְקֶען, וַוייל דָאס וַואסֶער וֶועט אָנְהֶעבֶּען מַאכֶען „בּוּלְבֶּעטְשְׁקֶעס“. מִיר קֶאנֶנֶען אָנְזַאמְלֶען דִי לוּפְט וָואס גֶעהְט אַרויס, אִין אַיין אַנְדֶערֶע פְלַאשׁ. דִי לוּפְט אִין עֶמֶער־פְלַאשׁ, קַאלְטֶערְהֵייט, וָואגְט בַּיי פִיעֶר זָאלָאטְנִיקֶעס, נָאכ׳ן אָנְוַוארְמֶען וֶועלֶען זִיךְ דִי פִיעֶר זָאלָאט. צוּטְהֵיילֶען אויף צְוֵויי פְלֶעשֶׁער; אויף דֶער עֶמֶער־פְלַאשׁ אַלֵיין פַאלְט עֶפִּיס מֶעהְר וִוי דְרַיי זָאלָאט. וָואס יֶעדֶער וָואלְט קֶאנֶנֶען אויסְרֶעכְנֶען. פוּן דֶעם זֶעהְט מֶען דַייטְלִיךְ אַרויס, אַז דִי וַוארְמֶע לוּפְט אִיז לַייכְטֶער, וַוייל דִי עֶמֶער־פְלַאשׁ מִיט קַאלְטֶער לוּפְט הָאט גֶעוואוֹגֶען בַּיי פִיעֶר זָאלָאט. אונ מִיט וַוארְמֶער — בַּיי דְרַיי; דֶערְפוּן אִיז גֶעדְרוּנְגֶען, אַז קַאלְטֶע לוּפְט אִיז גֶעדִיכְטֶער, אַלְס וַוארְמֶע, אַלְזָא, אִיז זִי שְׁטַארְקֶער צוּזַאמֶענְגֶעפְּרֶעסְט.

וָואס וֶועט זַיין, אַז מִיר וֶועלֶען אַ וָוארְף טְהוּן אַ בַּאלל, אַ מְיַאמְשִׁיק אָן דֶער עֶרְד? דֶער בַּאלל וֶועט אָבְּשְׁפְּרִינְגֶען פוּן דֶער עֶרְד. וָואס שְׁטַארְקֶער, מִיר וֶועלֶען אִיהְן אַ קְלַאפּ טְהוּן אָן דֶער עֶרְד, הָאכֶער וֶוערְט עֶר אָבְּשְׁפְּרִינְגֶען. בַּיי׳ם קְלַאפּ אָן דֶר׳עֶרְד, וֶועט זִיךְ דֶער בַּאלל צוּזַאמֶענְדְרִיקֶען, אונ דֶערְנָאךְ, אַז עֶר וֶועט זִיךְ אויפְמַאכֶען, וֶועט עֶר אָבְּשְׁפְּרִינְגֶען. וּבְכֵן וָואס שְׁטַארְקֶער מִיר וֶועלֶען צוּזַאמֶענְדְרִיקֶען דֶעם בַּאלל, אַלְס שְׁטַארְקֶער וֶועט עֶר זִיךְ אויפְמַאכֶען. דָאס זֶעלְבֶּע אִיז מִיט דֶער לוּפְט: דִי קַאלְטֶע לוּפְט אִיז

מֶעהְר צוּזאַממֶענגֶעדְרִיקְט, שְׁטַארְקְט זִי זִיךְ זֶעהְר דֶערְפַאר פֶּעראַנְדֶערְצִיהֶען זִיךְ אוּנ דֶערְפַאר דְרִיקְט זִי אָן שְׁטַארְקֶער אוֹיף אַללֶע זַאכֶען וֶועלכֶע זִי בֶּעגֶעגֶענְט אוֹיף אִיהְר וֶועג. יֶעטְצְט וֶועלֶען מִיר זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען צוּ אוּנזֶער אָפְּפֶענֶער טְהִיר. אַז עֶס בֶּעגֶעגֶענֶען זִיךְ קַאלְטֶע אוּנ וַוארְמֶע לוּפְט, וֶועט דִי קַאלְטֶע אָנְדְרִיקֶען אוֹיף דֶער וַוארְמֶער; דִי וַוארְמֶע לוּפְט וֶועט אָבְּטְרֶעטֶען, אָבְּלָאזֶען דֶען פְּלַאטְץ אוּנ דִי קַאלְטֶע לוּפְט וֶועט אַרַיין אִין שְׁטוּבּ; אִין פִירְהוֹיז וֶועט וֶוערֶען ווִי לֶעדִיג, וֶועט זִיךְ דִי וַוארְמֶע לוּפְט אַ לָאז טְהוּן אַהִין אוּנ עֶס וֶוערְט אַווינד. אָט אַזוֹי וֶוערֶען בִּכְלַל אַללֶע ווינְטֶען. אוֹיף דֶער עֶרְד אִיז נִישְׁט אוּמֶעטוּם גְלַייךְ וַוארם. פֶערְהַאנֶן עֶרְטֶער, וואו עֶס אִיז קֵיינְמָאל קֵיין ווינְטֶער נִישְׁט דָא, אוּנ זוּממֶער אִיז דָארְטִין אַזוֹי הֵייס. אַז אִין זַאמְד קָאנֶן מֶען אֵייעֶר בַּאקֶען. אוּנ פֶערְהַאנֶן פֶערְקֶעהְרְט אַזַאלְכֶע עֶרְטֶער, וואו דֶער ווינְטֶער אִיז זֶעהְר לַאנְג, כִּמְעַט צֶעהְן חֳדָשִׁים, אוּנ זֶעהְר קַאלְט, אוּנ דֶער זוּמְמֶער אִיז קוּרְץ אוּנ נִישְׁט גָאר וַוארם. דִי קַאלְטֶע לוּפְט דְרִיקְט אָן אוֹיף דֶער וַוארְמֶער, דִי וַוארְמֶע טְרֶעט אָבּ, הֶעבְּט זִיךְ אוֹיף אוּנ גֶעהְט אַוֶועק אִין דִי קַאלְטֶע לֶענְדֶער. אוֹיף דֶעם סֶמֶךְ וָואלְט מֶען גֶעקָאנְט זָאגֶען, אַז עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנֶן נוּר צְוֵויי ווינְטֶען: אֵיינֶער — אַ קַאלְטֶער, וָואס גֶעהְט מִיט'ן אוּנְטֶען פוּן דִי קַאלְטֶע לֶענְדֶער, דֶער אַנְדֶערֶער — אַ וַוארְמֶער, וָואס גֶעהְט מִיט'ן אוֹיבֶּען, נוּר דֶר'אֱמֶת'ן אִיז עֶס נִישְׁט אַזוֹי. פֶערְשִׁיעדֶענַארְטִיגֶע אוּרְזַאכֶען, וֶועלְכֶע עֶס אִיז דָא שְׁוֶוער אוֹיסְצוּרֶעכְנֶען, ווִירְקֶען אוֹיף דִי ווינְטֶען אוּנ דֶערְפַאר זֶענֶען דָא ווינְטֶען פוּן אַללֶערְלֵייא זַייטֶען.

דַארְף מֶען נָאךְ דֶערְצֶעהְלֶען, ווִי נֶעטִיג אוּנ נוּטְצְלִיךְ דִי ווינְטֶען זֶענֶען? וֶוער וַוייס עֶס נִישְׁט! דֶער ווינְט בְּרֵיינְגְט אוּנְז וָואלְקֶענְס מִיט רֶעגֶען אוּנ וַוארְמְקַייט; עֶר קִיהְלְט אוּנְז, וֶוענְן אוּנְז בְּרֶענְט דִי זוּנְן; עֶר טְרַייבְּט דִי שִׁיפֶען אוֹיפ'ן טַייךְ, דְרֶעהְט דִי ווינְדְמִיהְל אוּנ זא וַוייטֶער, א. ז. וו.. נוּר ווִי שֶׁעדְלִיךְ אִיז עֶר צַייטֶענְוַוייס! וֶוענְן עֶר אִיז שְׁטִילל אוּנ רוּהִיג, אִיז עֶר זֶעהְר נוּטְצְלִיךְ, אָבֶּער וֶוערְט עֶר אַ בִּיסַל שְׁטַארְקֶער, דַאמָאלְס אִיז עֶר שְׁרֶעקְלִיךְ, פוּן דֶעם בֶּעסְטֶען פְרַיינְד וֶוערְט עֶר דֶער שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶער פַיינְד!..

יֶעדֶער פוּן אוּנְז הָאט נִישְׁט אֵיין מָאל גֶעהֶערְט, ווִיפִיעל

שִׁיפְלֶעךְ עֶס צוּשְׁלָאגֶען זִיךְ , ווִיפִיעל גְרויסֶע שִׁיפֶען , קַארַאבְּלֶען ווֶערֶען דֶערְטְרוּנְקֶען אוּנ אִין אֵיינֶעם מִיט זֵיי טויזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען — ווֶענְן עֶס הֶעבְּט זִיךְ אָן אַ שְׁטוּרם-ווִינְד . שְׁטִילְלֶע. רוּהִיגֶע בִּילְדֶער בַּייטֶען זִיךְ גֶעשְׁווִינְד ; אַלְץ לויפְט , אַלְץ טְרָאגְט זִיךְ , אַלְץ שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען , נוּר הַייזֶער אַלֵיין ווֶענֶען נִישְׁט שְׁטֶאנְדִיג אוּנְגֶעפֶאהְרְלִיךְ אִין אַ שְׁטוּרם-ווִינְד . עֶר שׁוינְט גָאר נִישְׁט אוּף זַיין ווֶעג , פוּן אַלְץ מַאכְט עֶר אַ תֵּל ; בּוימֶער רַייסְט עֶר אוּיס מִיט דִי ווָארְצְלֶען , פוּן הַייזֶער רַייסְט עֶר אַרָאבּ דִי דֶאכֶער , שְׁטַאלֶען , קְלֵייטֶען צוּ וַוארְפְט עֶר , אַלְץ פְלַאטְצְט , אַלְץ בְּרֶעכְט זִיךְ . נוּר שְׁרֶעקְלִיכֶער אוּנ גֶעפֶאהְרְלִיכֶער פוּן אַ שְׁטוּרם אִיז אַ ווִירְבֶּעלְווִינְד . יֶעדֶער פוּן אוּנְז הָאט גֶעווִיס גֶעזֶעהְן אַ ווִירְבֶּעלְווִינְד , ווֶעלְכֶע פְלִיהֶען אָן פְּלוּצְלִינְג אוּנ הֶעבֶּען אוּיף מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער גֶעשְׁווִינְדִי-קַייט זֶעהְר הוּיךְ שְׁטוּבּ אוּנ זַאמְד . בַּיי אוּנְז ווֶענֶען שְׁטַארְקֶע ווִירְבֶּעל-ווִינְטֶען זֶעלְטֶען , חָאטְשׁ עֶס טְרֶעפֶען אַזָאלְכֶע , ווֶעלְכֶע טְרָאגֶען אַווֶעק אַ שֶׁאפְּס . אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאט מֶען אֵיינְמָאל אוּיסְגֶעהַאנְגֶען אִין אַ וַואשׁ-שְׁטוּבּ אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט שְׁטִיק רוּיהֶען לַיינְוַואנְד ; עֶס הָאט זִיךְ אוּיפְגֶעהוּיבֶּען אַ ווִירְבֶּעלְווִינְד , אוּיסְגֶעשְׁלָאגֶען אַללֶע פֶענְסְטֶער פוּן וַואשׁ-שְׁטוּבּ , אַרָאבְּגֶערִיסֶען אַללֶע טְהִירֶען , אַרַיינְגֶערִיסֶען זִיךְ אִין גֶעבַּיידֶע , אוּיפְגֶעהוּיבֶּען דָאס לַיינְוַואנְד מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען כֹּחַ אוּיף אַ קְלַאפְטֶער זֶעקְס אִיבֶּער'ן וַואשׁ-שְׁטוּבּ אוּנ צוּוואָרְפֶען עֶס ווַייט — ווַייט . אִין אֵיין אַנְדֶער אָרְט הָאט דֶער ווִירְבֶּעלְווִינְד צוּ-בְּרָאכֶען שְׁטַאללֶען אוּנ שְׁפַּייכְלֶער , צוּ וַוארְפֶען אַ הוּיז אוּנ גֶעמַאכְט זִיךְ אַ ווֶעג אִין וַואלְד , אוּיסְרַייסֶענְדִיג בּוימֶער , אַז אִין אֵיין אוּיגֶענְבְּלִיק אִיז אִין גֶעדִיכְטֶען וַואלְד גֶעווָארֶען אַגְרויסֶער לֶעדִיגֶער ווֶעג .

דִי ווִירְבֶּעלְווִינְדֶען טְרֶעפֶען אִין אַ שְׁטִילְלֶען ווֶעטֶער אוּנ אִין דֶער צַייט , ווֶענְן ווִינְטֶען בַּייטֶען זִיךְ . אֵיידֶער זֵיי קוּמֶען אָן בֶּעווַייזֶען זִיךְ אוּיפ'ן הִימֶעל שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעדִיכְטֶע ווָאלְקֶענְס , דֶער דוּנֶער רַעשְׁט , דֶער בְּלִיץ פִינְקֶעלְט אָהְן אֵיין אוּיפְהֶאר , אַזוֹי , אַז עֶס דַאכְט זִיךְ , אַז דָאס גַאנְצֶע אַרוּם בְּרֶענְנְט מִיט אַ הֶעללִישֶׁען פַייעֶר . הָאגֶעל אוּנ רֶעגֶען ווֶענֶען דִי שְׁטֶאנְדִיגֶע בֶּעגְלַייטֶער פוּנ'ם ווִירְבֶּעלְווִינְד . נָאר דִי שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע ווִירְבֶּעלְווִינְטֶען טְרֶעפֶען אוּיפ'ן יַם . אַז דֶער ווִירְבֶּעלְווִינְד הֶעבְּט זִיךְ אָן צוּ בֶּעווַייזֶען אוּיפ'ן יַם , בֶּעווַייזְט זִיךְ

גֶעוֶואהנְליךְ אִיבֶּער'ן יַם נִישְׁט אַ גְלַייכֶער, טוּנְקֶלֶער רָאד. דֶערְנָאךְ הֶעבְּט זִיךְ אויף דָאס וַואסֶער ווִי אַ זַייל, אִין וֶועלְכֶער דָאס וַואסֶער וָואלְט גֶעזָאטֶען, — אַזוֹי קָאכְט עֶס אִין אִיהר; זִי שׁוּימְט, שְׁפְּרִיטְצְט אִין אַללֶע זַייטֶען אוּנ אַ גֶעדִיכְטֶער וַואסֶער-דַאמְפְּף לִיעגְט אִיבֶּער אִיהְר. דֶער ווִירְבֶּעלְווִינְד הֶעבְּט אויף דָאס וַואסֶער אויף אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער הויכְקַייט, גֶעוֶואהנְליךְ אויף אַ הַאלְבֶּען וֶויעְרְסְט, נוּר עֶס טְרֶעפְט, אַז בִּיז אַנְדֶערְהַאלְבֶּען וֶוערְסְט. פוּן אויבֶּען אִיבֶּער דֶער וַואסֶער-זַייל לָאזְט זִיךְ אַרָאבּ אַ וָואלְקֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ טְרִיכְטֶער, אַ לֵייקֶע. אַזַא זַייל הַאלְט זִיךְ גֶענוּג לַאנְג, אַ מָאל אַ שָׁעָה אויף אֵיין אָרְט אָדֶער זִי בֶּעוֶועגְט זֶעהְר לַאנְגְזַאם, אַז אַ צוּפוּסגֶעהֶער קָאנן פוּן אִיהְר עֶנְטְלוֹיפֶען, אוּנ אַ מָאל טְרָאגְט זִי זִיךְ ווִי אַ שְׁטוּרְם-ווִינְד. אַזָאלְכֶע ווִירְבֶּעלְווִינְטֶען קֶעהְרֶען וֶועלְטֶען אויךְ אִין דִי ווִיסְטֶע מִדְבָּרִיוֹת, וואו אויסֶער זַאמְד אוּנ זַאמְד אִיז גָאר נִישְׁט דָא, אוּנ אויךְ אִין דִי סְטֶעפֶּעס, וואו דָאס גְרָאז טְרִיקֶענְט אוֹיס פוּן הִיטְץ אוּנ דִי עֶרְד פְּלַאטְצְט אוּנ פֶּערְוַואנְדֶעלְט אִין שְׁטוֹיבּ; דָארְט'ן הֶעבֶּען אויף דִי ווִירְבֶּעלְווִינְטֶען זַאמְד-זַיילֶען. אַ זָאלְכֶע וַואסֶער-אוּנ זַאמְד-זַיילֶען, וָואס אַ ווִירְבֶּעלְווִינְד הֶעבְּט אויף, וֶוערֶען אָנְגֶערוּפֶען סְמֶערְטְשׁ (Смерчъ). וֶועה דֶער שִׁיפְף, וָואס וֶועלֶען אַ ווִירְבֶּעלְווִינְד בֶּעגֶע-גֶענְט; שְׁלֶעכְט אִיז דִי רַייזֶענְדֶער, וֶועלְכֶע עֶר חַאפְּט אִין סְטֶעפּ; נוּר עֶס זֶענֶען דָא אַ סַךְ מִיטְטְלֶען ווִי צוּ רֶעטְטֶען זִיךְ פוּן זַיי; עֶרְשְׁטֶעְנְס, קָאנן מֶען פָארְאוֹיס ווִיסֶען, וֶוענן עֶר וֶועט זִיךְ אָנְהֶעבֶּען, ווַייל פְרִיהֶער וֶוערְט אַ גֶערוּישׁ, אַ שְׁטוּרְם אוּנ אָפְט גִיבֶּען זַיי אַרוֹיס אַ רֵיחַ פוּן שְׁוֶועבֶּעל; דִי רַייזֶענְדֶע קְלוֹיבֶּען זִיךְ דַאמָאלְס צוּ-נ-אויף, פֶּערְדֶעקֶען זִיךְ מִיט עֶפִּיס אוּנ וַוארְטֶען, בִּיז דֶער ווִינְד גֶעהְט אַרִיבֶּער, אוּנ שִׁיפֶּען שִׁיעסֶען אִין דִי סְמֶערְטְשֶׁען פוּן קַאנָאנֶען אוּנ צוּטְרַייבֶּען זַיי. ווִירְבֶּעלְווִינְטֶען נֶעהְמֶען זִיךְ פוּן דֶעם, וָואס עֶס בֶּעגֶעגֶענֶען זִיךְ צְווַיי ווִינְטֶען. דִי ווִירְבֶּעלְווִינְטֶען הֶעבֶּען אויף אִין אַיינֶעם מִיט'ן וַואסֶער פִישׁ, וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין וַואסֶער; דָארְט'ן אִין דֶער הוֹיךְ חַאפְּט זַיי אוּנְטֶער דֶער ווִינְד אוּנ פֶּערְטְרָאגְט זַיי אויף אַ גְרוֹיסֶען מַהֲלָךְ, וואו זַיי פַאללֶען אַרָאבּ אִין אַיינֶעם מִיט אַ רֶעגֶען.

לְכַתְּחִילָה קָאנן מֶען דָא פְרֶעגֶען אַ הַארְבֶּע קַשְׁיָא: פְרִיהֶער הָאבֶּען מִיר גֶעזָאגְט, אַז וָואס הָאכֶער, אִיז אַלֶץ קָאלְטֶער, אוּנ עֶרְשְׁט

האבען מיר געזאגט, אז די ווארמע לופט, ווייל זי איז לייכטער, הייבט זיך אויף אין דער הויך. היינט אז די ווארמע לופט הייבט זיך אויף אין דער הויך, דארף דאך דארט'ן זיין ווארמער, און דערצו נאך, וואס העכער, איז אלץ נאהנטער צו דער זונן, און די זונן איז דאך דער אויבען, וואס ווארמט די ערד און אלץ, וואס אויף איהר און ארום איהר געפינט זיך. נור דאך איז אמת, אז אויבען איז קאלט, ווייל די זונן ווארמט נישט אן די לופט און די ווארמקייט פון דער ערד דערגרייכט נישט אין דער הויך, ווייל די לופט אונטען פערהאלט זי; ווען דאס וואלט נישט געוועזען, וואלט די ערד פערלארען איהר גאנץ ווארמקייט, עס וואלט געוועזען אויביג ווינטער און גאר נישט וואלט נישט געוואקסען און נישט געלעבט אויף דער ערד. אט אין דער הויך ביי די שפיטצען פון די הויכע בערג קאנן די שיטטערע לופט נישט פערהאלטען די ווארמקייט פון דער ערד, ליעגט דארט'ן טאקי אויביגער שניי.

וואס זשע טהוט זיך מיט דער ווארמער לופט, ווען זי הייבט זיך אויף אין דער הויך? אין דער הויך ווערט זי אבגעקיהלט, געדיכטער און שווערער און פאלט צוריק אראב. ווענן די זונן פערגעהט און ווארמט נישט מעהר די ערד, הייבט אן די ערד מיט דער לופט אבגעקיהלט ווערען און בלייבט גאנץ גיך קאלט; די ערטער, וואס זענען בעדעקט מיט וואסער, ווערען לאנגזאמער אבגעקיהלט, ווייל דאס וואסער, ווענן זי הייבט אן אבגעקיהלט צו ווערען, מישט זיך. פריהער ווערט אבגעקיהלט די אויבערשטע שיכטע (סלאי) וואסער, ווערט דערפון שווערער, ווייל קאלטע וואסער איז אויך שווערער וויווארם, און געהט אראב אויפ'ן דעק און פון דארט'ן הייבען זיך אויף ווארעמערע שיכטען און אזוי ווייטער. און דערפאר, וואס די ערד מיט דעם וואסער קיהלען זיך נישט גלייך אב, בלאזט ביי נאכט פון טייך א ווארמער ווינד, און פון דר'ערד — א קאלטער. ביי טאג פערקעהרט ווארמט זיך דאס וואסער אן לאנגזאמער און דערפאר בלאזט פון וואסער א קאלטער ווינד, און פון דר'ערד — א ווארמער. אזאלכע ווינטען זענען דערהויפט קאנטיג אויף די ברעגען פון ימים. אן דעם ווענדט זיך אויך דאס, וואס אין די לאנדער, וועלכע ליעגען ביי א ברעג

פוּן אַ יַם, אִיז דֶער ווִינְטֶער נִישְׁט אַזוֹי קַאלְט.

מִיר ווֶועלֶען זִיךְ נָאךְ אַמָאל אָבְּשְׁטֶעלֶלֶען אוֹיף דֶעם, ווָאס דִי וַוארְמֶע לוּפְט אִיז לַייכְטֶער אַלְס דִי קַאלְטֶע אוּנ דֶערְפַאר שְׁטַארְקְט זִי זִיךְ אוֹיפְהֶעבֶּען אִין דֶער הוֹיךְ. דָאס אִינְטֶערֶעסִירְט אוּנְז שְׁטַארְק, ווַייל אוֹיף דֶעם אִיז גֶעגְרִינְדֶעט דָאס פְלִיהֶען אִין דֶער לוּפְטֶען. פוּן לַאנְג אָן הָאבֶּען שׁוֹין מֶענְשֶׁען גֶעווָאלְט קֶאנֶען פְלִיהֶען, ווַייל זֵיי הָאבֶּען מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען דִי פֶאגְלֶען, ווֶעלְכֶע טְרָאגֶען זִיךְ פְרַאנְק אוּנ פְרַייא אִין דֶער לוּפְט. דֶער מֶענְשׁ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּטְרַאכְטֶען עֶפִּים אַיין אִינְסְטרוּמֶענְט, ווָאס זָאלל אִיהְם דִיעֶנֶען אַנְשְׁטַאטט פְלִיגְלֶען. אַיין אִיטַאלְיֶענִישֶׁער מֶעכַאנִיק דַאנְטִי הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט פְלִיגֶעל לוֹיט דִי שְׁווֶערְקַייט פוּן זַיין קֶארְפֶּער, אוּנ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אוֹיף זֵיי פוּן אַ הוֹיכֶען טוּרֶעם. נוּר קוֹים אִיז עֶר אָבְּגֶעפְלוֹיגֶען אַ קְלֵיינֶען פְלַאטְץ, הָאט זִיךְ צוּבְּרָאכֶען אִין דִי פְלִיגְלֶען אַרֵייף. עֶר אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלְלֶען אוּנ צוּבְּרָאכֶען אַ פוּסס. זַיין בַּיישְׁפִּיעל הָאט נִישְׁט אָבְּגֶעהַאלְטֶען אַנְדֶערֶע אוּנ אַ סַךְ נָאךְ אִיהְם הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט פְלִיגֶעל, ווִי עֶר, אוּנ זֶענֶען אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעפַאלְלֶען. נִישְׁט אַיינְגֶעגֶעבֶּען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפַאר, ווַייל אוּנְזֶער קֶארְפֶּער אִיז זֶעהְר שְׁווֶער אִי'ם פֶערְגְלַייךְ מִיט דֶער לוּפְט, דֶערְהוֹיפְּט נָאךְ מִיט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער לוּפְט, אוּנ מֶען דַארְף הָאבֶּען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרַאפְט, ווָאס זָאלל קֶאנֶען אוֹיפְהַאלְטֶען אוּנְזֶער קֶארְפֶּער אִין דֶער לוּפְט. נוּר אַז מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ גוּט גֶענוּמֶען צוּקוּקֶען צוּ דֶעם, ווָאס אַרוּם זֵיי, הָאבֶּען זֵיי גִיךְ גֶעפוּנֶען אַ מִיטטֶעל, ווִי אוֹיפְצוּהֶעבֶּען זִיךְ אִין דֶער לוּפְט. זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אַז הָאלְץ שְׁווִימְט אוֹיפ'ן וַואססֶער אוּנ נִישְׁט נוּר אַלֵיין, זָאנְדֶערְן דָאס הַאלְט אֲפִילוּ אוֹיף אַזָאלְכֶע זַאכֶען, ווָאס אַלֵיין ווָאלְטֶען זֵיי דֶערְטְרוּנְקֶען ווֶערֶען; זֵיי הָאבֶּען ווִיעדֶער גֶעזֶעהֶען, אַז וַוארְמֶע לוּפְט שְׁטְרֶעבְט זִיךְ אוֹיפְהֶעבֶּען אִין דֶער הוֹיךְ, ד. ה. שְׁווִימֶען אִיבֶּער דֶער לוּפְט, ווִי הָאלְץ אוֹיפ'ן וַואססֶער. צוּ ווֶעט נִישְׁט אַיינְטְרָאגֶען דִי וַוארְמֶע לוּפְט אִין אַיינֶעם מִיט זִיךְ אַ מֶענְשֶׁען, גְלַייךְ ווִי הָאלְץ, ווָאס הַאלְט אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען אוֹיפ'ן וַואססֶער? צְווֵיי גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶענָאהְט פוּן טַאפֶּעט אַ בַּאללָאן, גֶעמַאכְט אוּנְטֶער אִיהְם אַ פַייֶער אוּנ אָנְגֶעפִילְלְט אִיהְן מִיט הֵייסֶער לוּפְט, דֶער בַּאללָאן הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ

אוועקגעטראגען מיט זיך זיינע ערפינדער. שפעטער א ביסל האט מען די ווארמע לופט פערביטטען מיט א גאז, מיט וועלכען מען בעלייכט די גאססען אין גרויסע שטאדט און וועלכער איז א סך לייכטער, אלס געוואהנליכע לופט. — דער גאז איז דאס דער וואססערשטאף, וועלכער איז פיערצעהן מאל לייכטער, אלס די לופט. מען האט שוין געמאכט א סך פערבעססערונגען. נור איינס פעהלט נאך — דאס איז א רודער, מיט וועלכען מען זאל קאננען פראוען, פיהרען דען לופטבאללאן, ווי א שיפפעל. יעטצט זענען די לופט־שווימער אונטערטאניג דעם ווינד: וואהין ער בלאזט, אהין פליהען זיי. אפילו, מען האט זיך אויסגעלערנט אראבלאזען און אויפהעבען דען באלאן, און די לופטשווימער קאננען פליהען הין און צוריק, ווייל אויף פערשיעדענע הויכען בלאזט דער ווינד אין פערשיעדענע זייטען, אבער דאך איז עס וועניג — דער רודער פעהלט!

## V.

## דאס איבערברעכען פון ליכט־שטראהלען, דער קלאנג.

מיר האבען שוין געזאגט, אז די לופט פערהאלט נישט אין זיך די ווארמקייט פון דער זונן, און לאזט זי דורך אין גאנצען צו דער ערד; אזוי אויך בעגעהט זיך די לופט מיט דער ליכטיגקייט פון דער זונן, דאס הייסט, זי לאזט זי דורך. עס איז גאר נישט שווער אבצושאטצען ווי געהעריג איז די מעלה פון דער לופט, ווייל עס איז נישט שווער זיך פארצושטעללען, וואס וואלט געוועזען, ווען די לופט וואלט נישט דורכגעלאזען די ליכטיגקייט און וואלט זי פערהאלטען. אויף דער ערד וואלט געהערשט איין איביגע פינסטערניש און געוואהנט וואלטען אויף איהר נור יענע עלענדע חיות, וועלכע ווידמען זיך אין פינסטערע לאכער; פון געוויקסע וואלטען זיך געפונען נור שוואמלען און מאך; יעדער ווייס דאך, אז אין א פינסטערן צימער וואקסט נישט קיין געוויקס. די לופט לאזט אבער דורך די ליכטיגקייט נישט גאר אהן א שנוי, נור זי צו[illegible]ימט די שטראהלען און בייט אום אויף אזא אופן זייער ריכטונג,

דַייֶער וֶועג. אַ לֶאפּפֶּעלֶע שְׁטֶעהְט אִין אַגְלָאז מִיט וַואסֶער; לָא׳מִיר אַ קוּק טְהוּן פוּן דֶער זַייט אוֹיף דִי אָבֶּערְפְלֶאכֶע פוּנְ׳ם וַואסֶער, מִיר וָואלְטֶען שְׁוֶוארֶען, אַז דָאס לֶאפּפֶּעלֶע אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּרָאכֶען; נוּר דָאס אִיז דָאךְ נִישְׁט אֱמֶת, אוּנְז דוּכְט זִיךְ דָאס אוֹיס, וַוייל דִי לִיכְט־שְׁטְרַאהְלֶען, וָואס גֶעהֶען אַרוֹיס פוּנְ׳ם לֶאפּפֶּעלֶע אוּנ עֶרְלוֹיבֶּען אוּנְז דָאס לֶאפּפֶּעלֶע צוּ זֶעהֶען, בְּרֶעכֶען זִיךְ אִיבֶּער, קְרִימֶען זִיךְ אוֹיס אוֹיף דֶעם אַרְט אוּנ דֶערְגֶעהֶען שׁוֹין צוּ אוּנְזֶער אוֹיג פוּן אַיין אַנְדֶער זַייט. מֶען דַארְף דָא בֶּעמֶערְקֶען, אַז מִיר זֶעהֶען דֶערְפַאר אַ זַאךְ, וַוייל דִי זוּנְן אָדֶער עֶפִּים אַיין אַנְדֶער בֶּעלַייכְטוּנְג בֶּעלַייכְטֶעט דִי זַאךְ, אוּנ דִי זַאךְ שְׁטוֹיסְט פוּן זִיךְ אָב דִי שְׁטְרַאהְלֶען אוּנ שִׁיקְט זֵיי צוּ צוּ אוּנְזֶער אוֹיג. יֶענֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע לָאזֶען דוּרְךְ אַלֶע זוּנְן־שְׁטְרַאהְלֶען אוּנ שְׁטוֹיסֶען זֵיי נִישְׁט אָב פוּן זִיךְ אוּנ בֵּייגֶען זֵיי נִישְׁט אוֹיס, זֶעהֶען מִיר נִישְׁט, צוּ׳ם בַּיישְׁפִּיעל, דִי לוּפְט אִין אַ קְלֵיינֶעם צָאהְל לָאזְט דוּרְךְ דִי לִיכְטִיגְקַייט — זֶעהֶען מִיר זִי נִישְׁט; מֶען זָאלל זִי זֶעהֶען, דַארְף זִי זִיךְ אָנְזַאמְלֶען אִין אַ גְרוֹיסֶען צָאהְל, וַוייל דַאמָאלְס שְׁטוֹיסְט זִי אָב דִי לִיכְטִיגְקַייט. נוּר מִיר וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ אוּנְזֶער מָשָׁל אוּנ עֶרְקְלֶערֶען אוּנְז, וַוארוּם הָאבֶּען זִיךְ דָא דִי לִיכְטְשְׁטְרַאהְלֶען אִיבֶּערְגֶעבְּרָאכֶען; זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבְּרָאכֶען, וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַרִיבֶּער פוּן אַ שִׁיטֶערְן שְׁטָאף — פוּן דֶער לוּפְט אִין אַ גֶעדִיכְטֶערְן — אִין וַואסֶער.

שְׁטֶאנְדִיג, וֶוענן דָאס לִיכְט מוּז אִיבֶּערְגֶעהְן דִי אָבֶּערְפְלֶאכֶע, וֶועלְכֶע טְהֵיילְט אָב אַיין שְׁטָאף פוּן צְווַייטֶען, אוֹיב דִי שְׁטָאפֶען זָענֶען קְלָאר אוּנ נִישְׁט גְלַייךְ גֶעדִיכְט, וֶוערְט עֶס, דָאס לִיכְט, טְהֵיילְווייס אָבְגֶעשְׁלָאגֶען, אָבְגֶעשְׁפִּיגֶעלְט פוּן דֶער אָבֶּערְפְלֶאכֶע, וִוי פוּן אַ שְׁפִּיגֶעל, אוּנ טְהֵיילְוַוייס בְּרֶעכְט זִיךְ עֶס אִיבֶּער, דָאס הֵייסְט: דָאס בַּייט דֶען גַאנְג, בֵּייגְט זִיךְ אָב אָן אַ זַייט; דָאס טְרֶעפְט זִיךְ נִישְׁט נוּר דַאמָאלְס, וֶוענן דָאס לִיכְט פַאלְט גְלַייךְ אוֹיף דֶער אָבֶּערְפְלֶאכֶע. גֶעווִיס הָאבֶּען מִיר בֶּעמֶערְקְט, וִוי אַ שְׁפִּיגֶעל שְׁלָאגְט אָב דִי לִיכְטִיגְקַייט, מִיר שְׁטִיפֶען אוּנ שְׁטֶעלֶען אָן אַזוֹי אַ שְׁפִּיגֶעל, אַז דֶער שַׁיין זָאלל אַרַיין וֶועמֶען גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען.

אִיבֶּער דִי אַייגֶענְשַׁאפְטֶען פוּן דֶער לִיכְטִיגְקַייט קוּמֶען פָאר אוֹיף דֶער וֶועלְט אַ סַךְ וואוּנְדֶערְבַּארֶע עֶרְשַׁיינוּנְגֶען, וֶועלְכֶע שְׁרֶעקֶען

שְׁטַארְק אוּנְזְוִיסֶענְדֶע מֶענְשֶׁען. יֶעדֶער, וֶוער עֶס הָאט גֶערַייזְט אִין דִי הֵייסֶע לֶאנְדֶער אָדֶער אִיבֶּער׳ן יַם אָדֶער אִין דִי מִדְבָּרִיוֹת, הָאט גֶעוִויס גֶעמוּזְט אִיבֶּערְרַאשְׁט וֶוערֶען פוּן דֶער וואוּנְדֶערְבַּארֶער עֶרְשַׁיינוּנְג, וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען לוּפְטְשְׁפִּיגֶעלוּנְג, פַאלְשֶׁער אָבְּשַׁיין. עֶס פָּארְט אַ שִׁיף אִיבֶּער דֶעם אוּנְגֶעהֶייעֶרְלִיכֶען יַם; אוּמֶעטוּם אַרוּם אוּנ אַרוּם אִיז וַואסֶער אוּנ הִימֶעל. עֶס שְׁטֶעהְט אַשְׁרֶעקְלִיכֶע הִיטְץ; דִי פַּארוּסֶען בֶּעוֶועגֶען זִיךְ נִישְׁט. פְּלוּצְלִינְג בֶּעמֶערְקֶען דִי מַאטְרָאסֶען, אַז אוֹיפ׳ן הִימֶעל בֶּעוַוייזְט זִיךְ אַ שִׁיף מִיט אָנְגֶעשְׁטֶעלְלְטֶע פַּארוּסֶען; אֶפְטֶער מִיט דִי פַּארוּסֶען אַרָאבּ. אָט וֶוערְט דֶער שִׁיף נֶאהֶנְטֶער, אוּנ אוֹיף אִיהְם וֶוערֶען קֶאנְטִיג דִי מֶענְשֶׁען, קַאנָאנֶען אוּנ אַלֶע וֶוערְק, נוּר אָט הֶעבְּט עֶר זִיךְ אוֹיף אַלְץ הֶאבֶער, הֶאכֶער אוּנ וֶוערְט גָאר פֶערְשְׁוואוּנְדֶען. דִי מַאטְרָאסֶען זֶענֶען אִין אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען פַּחַד: זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אַז דָאס זֶענֶען פֶערְכִּשׁוּפְטֶע שִׁיפֶען, וֶועלְכֶע בְּרֵיינְגֶען אוּמְגְלִיק דֶעם, וָואס זֶעהְט זֵיי. נוּר הַיינְטִיגֶע צַייטֶען הָאט מֶען נִישְׁט מוֹרָא פַאר אַזָאלְכֶע מַעֲשׂוֹת; מֶען הָאט שׁוֹין נִישְׁט מוֹרָא פַאר אַזָאלְכֶע שִׁיפֶען, וַוייל מֶען וֵויס, אַז דָאס זֶענֶען נִישְׁט קֵיין פֶערְכִּשׁוּפְטֶע שִׁיפֶען נוּר אַ פַאלְשֶׁער אָבְּשְׁלָאג, אָבְּשַׁיין. אִין דִי הֵייסֶע לֶאנְדֶער, וואוּ עֶס טְרֶעפֶען זִיךְ גֶעוֶואהְנְלִיךְ אַזָאלְכֶע אָבְּשַׁיינֶען, זֶענֶען דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע שִׁיכְטֶען לוּפְט שְׁטַארְק אָנְגֶעבְּרֶענְט, אוּנ אִין דֶער הוֹיךְ זֶענֶען זֵיי בֵּיינַאהֶע קַאלְט, דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע אָנְגֶעבְּרֶענְטֶע לוּפְט אִיז וֶועניגֶער גֶעדִיכְט אוּנ לֵייכְטֶער אַלְס דִי קַאלְטֶע שִׁיכְטֶען, וָואס לִיעגֶען אוֹיף אִיהְר, דֶערְפַאר שְׁטְרֶעבְּט זִי שְׁטֶאנְדִיג אַרוֹיף, אוּנ דִי קַאלְטֶע לוּפְט אַרָאבּ. אוּנְטֶען בְּרֶענְט זִיךְ דִי קַאלְטֶע לוּפְט גֶעשְׁווִינְד אָן אוּנ, חָאטְשׁ דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע לוּפְט שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ שְׁטֶאנְדִיג נָאךְ אוֹיבֶען, אַלְץ אִיז דָאךְ אוּנְטֶען דִיא לוּפְט שִׁיטֶעטֶער פַאר דֶער לוּפְט, וָואס לִיעגְט אִין דֶער מִינוּט אוֹיף אִיהְר — נַאטִירְלִיךְ נוּר בִּיז אַ בֶּעוואוּסְטֶער הוֹיךְ, וַוייל גָאר הוֹיךְ, וִוי מִיר וֵוייסֶען שׁוֹין, אִיז דִי לוּפְט קַאלְט אוּנ שִׁיטֶעטֶער. אַלְזָא קוּמְט דָא פָּאר דִי זוּנְן-שְׁטְרַאהְלֶען אִיבֶּערְצוּגֶעהְן אִיבֶּער שִׁיכְטֶען לוּפְט נִישְׁט גְלַייךְ גֶעדִיכְטֶע, אוּנ אוֹיף אַזַא אוֹפָן בֵּייגֶען זִיךְ דִי שְׁטְרַאהְלֶען טְהֵיילְוַוייז אוֹיס, בְּרֶעכֶען זִיךְ אִיבֶּער, אוּנ טְהֵיילְוַוייז שְׁלָאגֶען, שַׁיינֶען זֵיי אָבּ, וִוי פוּן אַ שְׁפִּיעגֶעל, אוּנ

דען אבשיין האבען געזעהען די ערשראקענע מאטראסען.

שטאנדיג, אז מען שטעלט אוועק א שפיעגעל איבער עפיס א זאך און מען קוקט אין איהם, דוכט זיך אויס די זאך איבערגעקערט, מיט'ן קאפף אראב; די לופטשיפפען זעהען זיך אויך דאס רוב איבערגעקערט, מיט'ן קאפף אראב. נור פון די לופטשיפפען געהען אויך אב שטראהלען און שלאגען זיך וויעדער אב — דער צווייטע אבשיין שטעלט אונז שוין פאר דען שיפף מיט'ן קאפף ארויף. די פראנצאזישע סאלדאטען, וואס האבען מלחמה געהאלטען פאר נאפאלעאנען נאך אין מצרים, וואו עס איז שרעקליך הייס, זענען איבערראשט געווארען פון אזא בילד; זיי האבען דערזעהען פאר זיך איבערגעקערטע טייטעלבוימער! זיי האבען שוין געמיינט, אז דאס שפיעגעלט זיך אב אין וואססער. און וואססער האבען זיי שוין טאקי לאנג געזוכט. נור וואס נאהנטער זיי זענען צוגעקוממען, האט דער ברעג פון אזערא אלץ דערווייטערט זיך פון זייערע אויגען. דאס איז געוועזען א פאלשער אבשיין — דאס האבען זיך אבגעשפיעגעלט אין דער לופט איך ווייס ווי ווייטע טייטעלבוימער. היינט ווייטער שפיעגלען זיך אפט אב גאנצע שטאדט, אינזלען און נאך און נאך. וויפיעל מעשה'ליך, וויפיעל נסים ונפלאות זענען אנגעדערצאהלט געווארען, ביז די וויססענשאפט האט עס ערקלערט מיט'ן שכל הישר.

מיר האבען נאך נישט געענדיגט מיט דער לופט. מיר דארפען נאך דערמאנגען, אז, ווען קיין לופט וואלט נישט געוועזען, וואלטען מיר גאר נישט געהערט. די געלעהרטע האבען געמאכט אזא פרוב; זיי האבען גענוממען א גלאקקעל, וועלכעס מען האט נור געדארפט אנדרעהען און עס קלינגט שוין אליין א היבשע צייט; דאס גלאקקעל האט מען אוועק געשטעלט אונטער א קאלפאק (קלאש) פון א מאשין, וועלכע קאנן אויספומפען די לופט פון אונטערן קאלפאק. א פריהער האט דאס גלאקקעל געקלונגען, נור ווי מען האט אנגעהויבען ארויסציהען די לופט, האט זיך דער קלאנג געהערט אלץ שוואכער און שוואכער און, ענדליך, גאר שטילל געווארען, האטש מען האט גוט געזעהן, אז דאס האממער'ל קלאפט איבער'ן גלאקקעל. פאר וואס זשע הערט מען נישט דאס

קְלִינְגֶען ? וַוייל אַ קְלַאנְג אִיז נִישְׁט אַ-רֶערְשׁ , ווִי דִי בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דֶער לוּפְט , וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן עֶפִּיס אַ קְלַאפּ . מִיר וֶועלֶען אַרַיינְלָאזֶען לוּפְט , וֶועלֶען מִיר שׁוֹין וַוייטֶער הֶערֶען דָאס קְלִינְגֶען , ווייל דִי לוּפְט וֶועט זִיךְ בֶּעוֶועגֶען . מִיר רֶעדֶען אָדֶער מַאכֶען אָן אַזוֹי עָפִּים אַ גֶערוֹישׁ ; דִי לוּפְט הֶעבְּט זִיךְ אָן בֶּעוֶועגֶען אוּנ אַלְץ שְׁטַארְקֶער אוּנ גֶעשְׁווִינְדֶער , וָואס הֶאכֶער אוּנ שַׁארְפֶער דֶער קְלַאנְג אִיז , דִי בֶּעוֶועגוּנְג דֶערְגְרַייכְט צוּ אוּנְזֶער אוֹיעֶר אוּנ מַאכְט אוֹיף אוּנְזֶער אוֹיעֶר דֶען אַיינְדְרוּק . וֶועלֶען מִיר רוּפֶען אָן קְלַאנְג . מִיר נֶעהְמֶען אַיין אַיינְפַאךְ פַּאפִּיערן זֶאקֶעל , בְּלָאזֶען עֶס אָן , דְרִיקֶען אַיין דָאס לָאךְ מִיט דֶער הַאנְד אוּנ גִיבֶּען אַ פַּאטְשׁ אִין דֶער אַנְדֶער הַאנְד , דָאס זֶאקֶעל וֶועט פְּלַאטְצֶען מִיט אַ רַעשׁ , ווִי אַיין אוֹיסְשָׁאס ; דָאס אִיז דֶערְפַאר , וָואס דִי לוּפְט אִין זֶאקֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען אַיינְגֶעדְרִיקְט ; וֶוענן דָאס זֶאקֶעל הָאט גֶעפְּלַאטְצְט , אִיז דִי לוּפְט פוּן אִיהְם אַרוֹיסגֶעפְלוֹיגֶען אוּנ צוּשְׁטוּפְּט דִי אוֹיסוֶוענִיגְסְטֶע לוּפְט ; דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע לוּפְט הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעוֶועגֶען ; דִי בֶּעוֶועגוּנְג הָאט דֶערְגְרַייכְט צוּ אוּנְזֶער אוֹיעֶר אוּנ מִיר הָאבֶּען דֶערְהֶערְט דֶען אוֹיסְשָׁאס . אָבֶּער נִישְׁט דִי לוּפְט-בֶּעוֶועגוּנְגֶען אַלַיין מַאכֶען אָן אַ גֶערוֹישׁ , נוּר בִּכְלָל דִי בֶּעוֶועגוּנְגֶען פוּן יֶעדֶער זַאךְ . עֶס קְלִינְגְט אַיין אָנְגֶעצוֹיגֶענֶע סְטְרוּנֶע , וֶוענן מֶען בְּרֵיינְגְט זִי אַרַיין אִין אַ בֶּעוֶועגוּנְג מִיט'ן סְמִיטְשֶׁעק ; עֶס קְלִינְגְט אַ גְלָאק , וֶוען מֶען קְלַאפְּט אִין אִיהְם מִיט'ן צִינְגֶעל , וַוייל אַלֶע טְהֵיילֶען פוּן זַיינֶע וֶואנְדְלֶעךְ בֶּעוֶועגֶען זִיךְ ; מֶען קָאנן זִיךְ עֶס לַייכְט אִיבֶּערְצַייגֶען , צוּלֶעגֶענְדִיג דֶען פִינְגֶער צוּ'ם גְלָאק .

יֶעטְצְט , הֵייסְט עֶס , וַוייסֶען מִיר , אַז צוּ'ם אָנְמַאכֶען אַ קְלַאנְג דַארְפֶען מִיר אַרַיינְבְּרֵיינְגֶען אִין אַ בֶּעוֶועגוּנְג עֶפִּיס אַ קֶארְפֶּער ; דֶער בֶּעוֶועגְטֶע קֶארְפֶּער גִיט אִיבֶּער דִי בֶּעוֶועגוּנְג דוּרְךְ דֶער לוּפְט אִין אַלֶע זַייטֶען , אָדֶער , ווִי דִי גֶעלֶעהְרְטֶע זָאגֶען , עֶר לָאזְט אִין אַלֶע זַייטֶען לוּפְט-וֶועלֶען (פַאלֶיעס , וָואלְנֶעס) ; דֶערְפַאר הֶערֶען אַיין קְלַאנְג אַ סַךְ מֶענְשֶׁען . נוּר נִישְׁט שְׁטֶאנְדִיג שְׁטוֹיסְט זִיךְ אָן דִי וֶועלֶע נוּר אִין אַ מֶענְשֶׁענְס אוֹיעֶר , זִי קָאנן דָאךְ אָנְטְרֶעפֶען אוֹיף אַ וַואנְד אוֹיךְ , וָואס-זְשֶׁע קוּמְט דַאנן פָאר ? אָנְטְרֶעפֶענְדִיג אוֹיף אַ וַואנְד , וֶועט זִיךְ דִי וֶועלֶע אָבְּשְׁלָאגֶען צוּרִיק פוּן אִיהְר , וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען ,

װעט װיעדער דערגרייכען ביז אונזער אויער און מיר קאנגען זי װייטער דערהערען. די קלינגענדע לופט־װעללע לויפט זעהר געשװינד; 157 קלאפטער אין א סעקונדע אדער 1130 װיערסט אין א שעה. זעלבסט פערשטאנדליך, אז אויב א קלאנג װערט געמאכט אין שטאדט, אויפ'ן גאסס אדער אין א שטוב, װעט דער אבגעשלאגענע קלאנג אדער פערליערען זיך אין אסך אנדערע קלאנגען אדער װעט זעהר געשװינד דערגרייכען צו אונזער אויער און װעט זיך צו־נ'אויפגיעסען מיט'ן ערשטען קלאנג. אבער אז מען טהוט א געשריי אין א פעלד, װאו עס געפינט זיך א בארג, אדער אין א װאלד, װעט מען דערהערען נאכ'ן געשריי נאך א געשריי, װעלכער װעט איבערחזרן די אייגענע װערטער, דען צװייטען געשריי האבען מיר דערהערט דערפאר, װאס אונזער געשריי האט געלאזען א לופט־װעללע, װעלכע איז דערגאנגען ביז'ן בארג אדער ביז א װאנד פון בוימער, האט זיך אבגעשלאגען צוריק און אומגעקערט זיך צו אונזער אויער, װי א װעללע אין טייך געהט צוריק, אנשלאגענדיג זיך אין ברעג. דאס װערט אנגערופען עכא, װיעדערקול. נאטירליך האט איהן די אונװיססענהייט אויך נישט דורכגעלאזען און א לאנגע צייט האט מען געמיינט, אז דאס איז א בת קול פון הימעל אדער גאר א שד מישט עס איבער.








1 2 3

**געמאָל צו זייטע 14**

1) אַ רֶאהְר׳ל, אָנְגֶעגָאסֶען פולל מִיט קְוֶועקְזִילְבֶּער. דִי אָפֶּפֶענֶע זַייט אויבֶּען אִיז פַארְדֶעקְט מִיט׳ן פִינְגֶער. 2) דִי זֶעלְבֶּע רֶאהְר׳ל, אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט מִיט דֶער אָפֶּפֶענֶער זַייט אַרָאפּ, אִין אַ שִׁיסֶעל פולל מִיט קְוֶועקְזִילְבֶּער. דֶער קְוֶועקְזִילְבֶּער פון רֶאהְר׳ל פַאלְט אַרָאפּ, וַוייל דִי לופְט הָאט קֵיין כֹּחַ נִיט צו דְרִיקֶען דֶעם קְוֶועקְזִילְבֶּער הֶאכֶער.

3) בַּארָאמֶעטֶער.




געמאָל צו זייטע 23

## אַפְּפַּאַראַט צו בֶּעקוּמֶען זויֶערְשְׁטָאף.

1) גַאז-לֶאמְפֶּעל. 2) רֶעטָארְטֶע. אִין אִיהְר לִיעגֶען פַּאר-
רָאסְטֶעטֶע (פֶּערְשִׁימֶעלְטֶע) שְׁטִיקְלֶעךְ אַייזֶען. 3) אַ כֵּלִי צוּ קְלַייבֶּען
דָען זויֶערְשְׁטָאף, בֶּעשְׁטֶעהְט פוּן אַ שִׁיסֶעל פוּלל מִיט וַואססֶער אוּנ
אִין אִיהְר אִיז אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט, מִיטְ'ן קַיילֶעכְדִיגֶען דְנָא אַרוּיף,
אַ כֵּלִי וָואס אִיז אויךְ פוּל מִיט וַואססֶער. אוּנְטֶער דֶער דָאזִיגֶער
אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְטֶער כֵּלִי גֶעהְט אַרוּנְטֶער דִי רֶאהְר פוּן רֶעטָארְטֶע,
דוּרְךְ וֶועלְכֶע רֶאהְר עֶס גֶעהְט פוּן רֶעטָארְטֶע דֶער זויֶערְשְׁטָאף.
קוּמֶענְדִיג אִין אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְטֶען כֵּלִי שְׁטוּפְּט דֶער זויֶערְשְׁטָאף אַרוּיס
דָאס וַואססֶער, אוּנ דָאס זַיינֶען דִי בּוּלְבֶּעטְשְׁקֶעס וָואס לָאזֶען זִיךְ
זֶעהֶען אִין דֶער כֵּלִי




**געמאָל צו זייטע 81**

גֶעמֶאל צוּ בֶּעווַייזֶען, אַז דִי וַוארִימֶע לוּפְט צוּשְׁפְּרֵייט זִיךְ און פַארְנֶעהמְט מֶעהְר פְּלַאטְץ.

1) אַ לֶעמְפֶּעל אוֹיף שְׁפִּירְט. 2) אַ לֶעעֶרֶע פְּלַאשׁ, אִין וָועלְכֶער עֶס גֶעפִינְט זִיךְ, גֶעוֶואהְנְלִיךְ, לוּפְט. דוּרְךְ דֶער עֶרְוַוארְמוּנְג שְׁפְּרֵייט זִיךְ פַאנַאנְדֶער דִי לוּפְט אִין פְּלַאשׁ אוּנ אַ טְהֵייל פוּן אִיהְר גֶעהט דוּרְךְ'ן רֶאהְר'ל אִין 3) כֵּלִי מִיט וַואססֶער. דִי בּוּלְבֶּעלֶיךְ בֶּעווייזֶען אַז דִי לוּפְט גֶעהְט אַרוֹיס פוּן רָאהְר'ל.